די אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק

# דער סאָציאַליזם
# און די נאַציאָנאַלע פראַגע

פון דר. ח. זשיטלאָווסקי



ארויסגעגעבען פון
א. מ. יעוואַלענקאָ, ניי יאָרק

# פאָרוואָרט

## צו דער יודישער אויסגאַבע.

דאָס ביכעל, וואָס איך גיב איצטער איבער דעם לעזער, איז פריהער געדרוקט געוואָרען אין דייטש, דערנאָך איבערגעאַרבייט אין רוסיש. די יודישע איבעראַרבייטונג איז געמאַכט געוואָרען אויף דעם גרונד פון דער רוסישער. פון דער „הקדמה צו דער רוסישער אויסגאַבע" קען דער לעזער דערגעהן, וועלכע ענדערונגען זענען אין איהר אַריינגעטראָגען געוואָרען לגבי דעם דייטשען טעקסט.

אין דער יודישער אויסגאַבע זענען אויך געמאַכט געוואָרען פערענדערונגען, אָבער ניט בנוגע צו די גרונד־פּרינציפּען. די שפּעטערע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע פון אָטטאָ בויער און קאַרל קויטסקי האָבען מיר בעוויזען, אַז איך בין מיט מיינע אונטערזוכונגען געגאַנגען אויף אַ ריכטיגען וועג און אַז איך האָב נישט צוריק צו נעהמען קיין איין שטריך, כמעט קיין איין וואָרט פון מיין טעאָריע.

די פערענדערונגען אין דער יודישער אויסגאַבע זענען געמאַכט געוואָרען כמעט אומעטום נאָר צוליעב קלערער מאַכען דעם ענין פאַר אַזעלכע לעזער, וואָס האָבען וועניג בילדונג און וויסענשאַפט, און וועמען אַ סך געדאַנקען וואָלטען אויסגעקומען פערמעד פשוט דערפאַר, וואָס זיי זענען ניט בעקאַנט מיט דעם אלף־בית פון דער פראַגע. דעריבער קען מען די יודישע אויסגאַבע מיט אַ געוויסען רעכט רעכענען פאַר אַ פּאָפּולאַריזירטע אויסגאַבע. געווים געהערט מיין אַרבייט ניט צו יענע פּאָפּולאַריזאַציאָנען, וואו דער מחבר איז בעמיהט ניט נאָר אָבצושיילען דאָס אייעלע, נאָר

אויך צוקייען און אריינצושטעקען די שפייז אין מויל אריין. שייי־לען, טראָגען אין מויל אריין און קייען וועט שוין דארפען דער לע־זער אליין, ד. ה., מיט אנדערע ווערטער: דאָס ביכעל וויל גע־לייענט ווערען „מיט קאָפּ“. און אויב דער לעזער פערשטעהט נאָר דעם „פירוש המילות“, דעם פשוט'ען „טייטש“ פון די ווערטער, וועט איהם זיין ניט שווער ארויסצוגעפינען זייער מיין.

אַ צרה איז מיט די, וועמען אַ סך אויסלענדישע און העברע־אישע ווערטער זענען פרעמד. אָבער דער צרה קען איך מיט קיין זאך נישט העלפען. דאָ בלייבט פאר דעם לעזער קיין אנדער ברירה ניט, סיידען טאָן, וואָס אלע מענשען טוען אין אזא פאל. מען שאפט זיך אָן אַן אויסלענדישען און העברעאישען ווערטער־בוך (עס איז שוין פאראַן אזא אין יודיש). די צייט איז אריבער ווען דער מחבר האָט זיך געמוזט אָנפּאסען ניט נאָר צו דעם ביל־דונגס־גראַד, נאָר אויך צו דעם וואָרט־רייכטום אָדער דער וואָרט־אָרעמקייט פון דעם יודישען המון. עס איז שוין צייט, אז דאָס יודישע פאָלק זאָל זיך אליין מטריח זיין צו שטודירען יודיש, ניט נאָר ווי זיין פאָלקס־שפּראַך, נאָר אויך ווי זיין נ א צ י אָ נ א ל ע שפּראַך, דאָס הייסט ניט נאָר ווי אַ לשון, וועלכען דאָס פאָלק גע־ברויכט אין זיינע טאָג־טעגליכע עסקים, נאָר אויך ווי אַ ליטעראַ־טור־שפּראַך, אין וועלכער עס דענקט און שרייבט (און וואָס ווייי־טער, אליץ מעהר און מעהר) זיין אינטעליגענץ.

וועסט־ענגעלוואוד, סוף אפּריל, 1908.

# פאָרוואָרט

## צו דער רוסישער אויסגאַבע.

די אַרבייט, וואָס איך גיב איצטער איבער דעם לעזער, איז פריהער געוועזן געדרוקט אין דעם דייטשען זשורנאַל „דייטשע וואָרטע“, וועלכען ענגעלבערט פערנערסטארפער, איינער פון די בעקאַנטע פיהרער פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט אַרויסגעגעבען אין וויען. גענאָסע פערנערסטארפער האָט דערנאָך זי אָבגעדרוקט אין אַ בעזונדער בראָשורע, ניט פּאַר דעם בוכהאַנדעל, נאָר צוליעב דער אַגיטאַציע צווישען די עסטרייכישע גענאָסען פּאַר דעם פּאַרטיי־קאָנגרעס אין בריון, וואָס אויף איהם האָט געדאַרפט פּאַנאַנדערגעקליבען ווערען די נאַציאָנאַלע פראַגע. *) די רעזאָלוציע פון דעם פּאַרטיי־קאָנגרעס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען וועגען דער נאַציאָנאַליטעטען־פראַגע, איז געווען ווי צוגעמאָסטען צו די טעאָרעטישע געדאַנקען, פּאַר וועלכע איך האָב זיך איינגעשטעלט אין דעם ביכעל. דיזעלביגע טעאָרעטישע געדאַנקען זענען געוועזן דער פונדאַמענט פון מיין אַגיטאַציע צוליעב אַ זעלבסטשטענדיגען יודישען סאָציאַליזם, וועלכע איך האָב זינט 1889 דורך רעפעראַטען געפיהרט צווישען דעם יודישען יונגען דור, וואָס האָט געשטודירט אין דער שווייץ.

אויסשפּרעכען זיך געדרוקטערהייט וועגען דער נאַציאָנאַליטע־

---

*) Der Socialismus und die Nationalitaetenfrage. Nicht fuer den Buchhandel bestimmter Sonder-abdruck aus dem August-September Hefte 1899 der „Deutschen Worte."

טען־פראגע בנוגע צו דעם יודישען סאָציאַליזם האָב איך געקענט מעהר נישט, ווי אין צוויי־דריי אַרבייטען, און אויך דאָס — ניט גאַנץ. *)

ליידער קען אויך די איצטיגע אַרבייט, וואָס האָט אַ ריין־טעאָרעטישען כאַראַקטער, ניט אַרויסטרעטען מיט דער פּרעטענזיע, אַז זי שעפּט אויס אַלץ, וואָס איז נוגע צו דער שאלה.

צוליעב דעם בעזונדערען צוועק, וואָס איך האָב געהאַט אין אויג, בעת איך האָב זי געשריעבען, האָב איך ניט געטאָרט אַריינלאָזען זיך אין טיעפע חקירות וועגען אַ סך ריין־טעאָרעטישע פראַגען, וואָס זענען אויסגעבונדען מיט דער סאָציאַליסטישער טעאָריע פון נאַציאָנאַליטעט. איך האָב אויך ניט געקענט בעווייזען — וואָס דאָס וואָלט געוועזען זעהר נויטיג, — ווי אַזוי עס זעהן אויס די פּראָבלעמען פון דעם ווירקליכען קאַמפּף, וואָס די פעלקער פיהרען פאַר זייער זעלבסטשטענדיגען און פרייען זיין אויף דער וועלט, ווען מען שטעלט זיי (די פּראָבלעמען) אַוועק אין דעם ליכט פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם. אָבער ווייניגער פאַר אַלץ האָב איך מיך געקענט פערנעמען מיט דעם פאַנאַנדערפלאָנטערן פון יענעם קנויל טעאָריען און פּראָבלעמען, וואָס ווערט אָנגערופען: „די פראַגע פון דער יודישער ווידערבעלעבונג", און אויפווייזען, וואָס פאַר אַ ראָליע אין דער ווידערלעבונג פון אונזער פאָלק עס דאַרף שפּיעלען דאָס יודישע פּראָלעטאַריאַט און די יודישע אינטע־

---

*) „Еврей къ Евреямъ", Лондонъ, 1892. אַרויסגעגעבען פון דעם „Фондъ вольной русской прессы." 2) „ציוניזמוס אָדער סאָציאַליזמוס?" אַן אַרטיקעל אין דעם זעקסטען נומער פון דעם „אידישען אַרבייטער", אָרגאַן פון יודישען „בונד". דער „בונד" האָט דעם אַרטיקעל ארויסגעגעבען אין אַ בעזונדער בראָשורע אונטער דעמזעלביגען נאָמען, אָבער אָהן דעם לעצטען „נאַציאָנאַליסטישען קאַפּיטעל. (מערץ, 1899). 3) „פאַר וואָס דוקא אידיש?" אַן אַרטיקעל אין דעם ניו־יאָרקער „פאָרווערטס", אויב איך האָב נישט קיין טעות, אין דעמזעלביגען 1899־טען יאָהר.

ליגענץ. וועגען דעם האָפען מיר צו שרייבען א בעזונדערען גרע־
סערען חבור.

נישט קוקענדיג אָט אויף די אלע זעהר וויכטיגע חסרונות פון
דעם ארטיקעל „דער סאָציאליזם און די נאציאָנאַליטעטען פראגע",
האָב איך פון דעסטוועגען מיר געזאָגט, עס שאדט ניט בעקאַנט צו
מאַכען די חברים, וואָס לייענען רוסיש, מיט דעם, וואָס דאָרטען
שטעהט געשריעבען, כמעט אין דערזעלביגער געשטאַלט, ווי די אר־
בייט איז אַרוים אין דער דייטשער שפּראך. איך זאָג: „כמעט
אין דערזעלביגער געשטאַלט", ווײַלע עס איז מיר געווען אונמעגליך,
בעת דעם איבעראַרבייטען אין רוסיש, נישט אריינצוברייננגען אין
איהר עטליכע פערענדערונגען: עס האָט זיך געוואָלט, לכל
הפחות ערטערוויז און ווען אפילו אין איילענים, אָנווייזען אויף
די שייכות, וואָס עקזיסטירט צווישען די ריין־טעאָרעטישע השערות
און די ספּעציעלע פראגען וועגען דעם גורל פון דעם יודישען פאָלק.

עס פערדריסט מיך זעהר, וואָס דער צייט־מאַנגעל האָט ניט
דערלאָזען אריינצוברייננגען אין דער רוסישער איבעראַרבייטונג איי־
ניגע שפּעטערע געדאַנקען מכח דער פראגע וועגען אַן אייגען יודיש
לאַנד, וואָס אין איהר האָב איך געמוזט לגמרי איבערבייטען מיין
מיינונג. פריהער בין איך געשטאַנען שטאָהל און אייזען פאַר דעם
געדאַנק, אז אַן אייגענע טעריטאָריע איז א „מהיכא־תיתא־זאך",
אודאי ניט קיין שלעכטס, ווען מען האָט זי, אָבער אויך ניט קיין
נויטווענדיגקייט, אָהן וועלכע די נאָרמאַלע ענטוויקלונג פון דעם
פאָלקס־לעבען זאָל זיך בשום אופן ניט קענען בעגעהן. אָבער וואָס
טיעפער איך האָב מיך אריינגעלאָזען אין דעם ענין, וואָס קלאָרער
איך האָב פאַנאַנדערגענומען די טענות פאַר און געגען א טערי־
טאָריע, האָב איך אלץ מעהר געמוזט מודה זיין צו יענע טעאָרעטי־
קער פון דער נאַציאָנאַלער פראגע, וואָס האַלטען, אז אַן אייגען
לאַנד איז א תנאי, פון וועלכען מען קען בשום אופן ניט אָבלאָזען,
אויב מען וויל אין דער אמת'ן האָבען א געזונדען, פרייען, ניט גע־
שטערטען פּראָגרעס פון יעדען איינציגען פאָלק — און נאָר אזא

פראָגרעס קען דאָך ברענגען אַ נוצען דער מענשהייט און האָבען אַ גוטעווירקונג אויף איהר.

צו מיין גליק, האָט די איבערקערענים אין הלכות טעריטאָריע נישט געדארפט ברענגען דערצו, איך זאָל מוזען איבערבויען מיין גאַנצען טעאָרעטישען געביי. ווײַלע קוקט מען זיך נעהנטער צו צו דעם ענין, געפינט מען, אז דער טעריטאָריאליזם געהט ניט נאָר ניט להיפך צו דער טעאָריע פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, וואָס איך האָב געוואָלט איינפונדעווען מיט מיין ארבייט, נאָר אדרבא, ער איז אַ ריכטיגער און קאָנסעקווענטער פועל יוצא פון איהר.

דר. ח. זשיטלאָווסקי.

ניו־יאָרק, נאָוועמבער, 1904.

# ערשטער קאפיטעל.

## וואָס איז אינטערנאַציאָנאַליזם?

יעדוועדע געזעלשאַפטליכע פראַגע בעקומט אַ פערשיעדענעם פּנים, עס ווענדט זיך אָן דעם, וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטליכע גרופּע עס רופט זי אַרויס אין לעבען און וועלכע אינטערעסען זי וויל דערמיט בעפרידיגען.

די אַרבייטער־פראַגע, צום ביישפּעל, האָט אין דעם מויל פון די פאַבריקאַנטען אַ גאַנץ אַנדער טעם, איידער אין דעם מויל פון די קריסטליך־סאָציאַלע גלחים אָדער די אַרבייטער גופא. פאַר דעם פאַבריקאַנט איז דער „טייטש" פון דער אַרבייטער־פראַגע: ווי אַזוי מאַכט מען, מען זאָל שטענדיג קענען האָבען „גוטע" אַרבייטער, וואָס זאָלען מיט גרוים התמדה אַוועקלעגען זייער קראַפט פאַר דעם בעל־הבית, און שכירות זאָל זיי ליגען אין דער לינקער פּאה. פאַר דעם קריסטליך־סאָציאַלען גלח איז דער טייטש פון דער אַרבייטער־פראַגע: ווי אַזוי מאַכט מען, אַז די אַרבייטער זאָלען אויפהערען צו ליידען פון הונגער און דחקות, און זאָלען קענען לעבען אין איינעם מיט דעם פאַבריקאַנט בשלום ושלוה, אונטער די פליגלען פון דער רעליגיאָן, און ניט זיין געצוואונגען צוצוהערען זיך צו די פערפיהרערישע רייד פון די סאָציאַליסטען און די רעוואָלוציאָנערען, וואָס רייצען זיי אָן על ה׳ ועל משיחו און לערנען זיי דאָס שטורעם־ליעד פון דעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען „ננתקה!" פאַר דעם אַרבייטער אָבער האָט זיין אייגענע פראַגע דעם פּשט: ווי אַזוי מאַכט מען, אַז מען זאָל אין גאַנצען פּטור ווערען פון די קאַפּיטאַליסטען און ממילא אויך פון אַלע אַנדערע אומגליקען, פון וועלכע דער אַרבייטער ליידט מעהר פאַר אַלעמען.

אַזוי איז דאָס אויך מיט יעדער אַנדערער געזעלשאַפטליכער

פראַגע, און די נאַציאָנאַליטעטען־פראַגע מאַכט ניט קיין אויסנאַם פון דעם אויבען אויפגעשטעלטען כלל. אָפען ארויסגעטרעטען איז זי אין דעם אָהויב פון דעם נייצעהנטען יאהרהונדערט, ווען פער־שיעדענע פּאָליטישע פּארטייען, ווי אויך די דיפּלאָמאַטען פון אַלע לענדער, האָבען זיך גענומען געשמאַק עסק'ן מיט איהר. אָבער נאָך איידער זי איז אַריין אין די הויכע פענסטער פון דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער פּאָליטיק, האָט זי שוין עקזיסטירט, ווי אַן אינערע פראַגע, וואָס האָט שטאַרק אינטערעסירט די פּאָליציי און די אדמי־ניסטראַציאָן, בכלל אין די לענדער, וואו עס האָבען געוואָהנט אין איינעם פערשיעדענע פעלקער און ראַסען. דער ביוראָקראַטישער מעכאַניזם האָט האָלד אומעטום צו ארבייטען אויף איין, אין קאָנ־צעלאַריע אויסגעארבייטען שטייגער, וואָס זאָל אָנגעווענדט ווערען אויף אַלעמען גלייך. אין אזעלכע לענדער האָט ער זיך צונויפגע־שטויסען מיט די עטנישע פערשיעדענהייטען פון די ראַסען און פעלקער, וואָס האָבען געוואָהנט אין בעשטימטע געגענדען און האָ־בען געמאַכט אונמעגליך, אז מען זאָל קענען אויסקומען מיט דעמ־זעלבינגען קאַנצעלאַרסקען שטייגער, אויסגעארבייט פון דער הער־שענדער נאַציאָן. די ביוראָקראַטיע האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דעם פאַקט, און פאַר איהר איז אויסגעוואַקסען אַ נאַציאָנאַלע פראַגע. אינטערעסירט האָט זי אין דער פראַגע כמעט מעהר נישט, ווי איין פּונקט: קען מען אין דער אמת'ען — און אויב יאָ, אויף וועלכען גראַד — אַזוי צופּאַסען דעם רעגיערונגס־מעכאַניזם צו די „פרעמד־געבאָרענע“, אַז דערפון זאָל ניט ליידען די צוויי גרונד „אני־מאמין'ס“ פון דעם ביוראָקראַטישען רעזשים: ערשטענס, דער אַליין גלייכמאַכענדיגער שאַבלאָן, ביי וועמען אַלע יונים מוזען האָבען איין פּנים, און צווייטענס, וואָס ווייניגער האָבען צו טאָן מיט דער בעפעלקערונג גופא און וואָס מעהר אויסמיידען יעדען איבעריגען סלסוך מיט איהר.

ווי וואָס פאַר אַ לאַנד, און ווי אויף וואָס פאַר אַ מדרגה אין דער פּאָליטישער און קולטורעלער ענטוויקלונג עס זיינען געשטאַ־נען די פערשיעדענע פעלקער פון יענעם לאַנד, האָט מען אין פער־

שיעדענע צייטען אויסגעפּרובירט פערשיעדענע מעטאָדען, ווי צו פערענטפערען די נאַציאָנאַלע פראַגע אויף אזא אופן, אז פון איין זייט זאָל חלילה נישט אָנגעריהרט ווערען דאָס פּרינציפּ פון אריינ־שטעקען די אדמיניסטראַטיווע נאָז אין אַלע ווינקעלעך פון דעם פּאָלקס־לעבען, און פון דער אנדערער זייט — זאָל מען וואָס וועניגער ארויסכאַפּען זיך מיט שאַרפע מיטלען, וואָס קענען פאַנאַנ־דעררייצען די פרעמד־געבאָרענע בעפעלקערונג.

עס פערשטעהט זיך, אז דער בעסטער ענטפער אויף די נאַ־ציאָנאַלע פראַגע, וואָס אינטערעסירט די ביוראָקראַטיע, וואָלט געווען דער, וואָס וואָלט איהר גאַראַנטירען, אז אַלע נאַציאָנאַליטע־טען זאָלען פריהער אָדער שפּעטער אין גאַנצען צונויפגעגאָסען ווערען מיט דער הערשענדער נאַציאָן, און אויף אזא אופן לגמרי פּטור ווערען פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע און פון דעם אויבינען תרתי דסתרי, אין וועלכען די רעגירונג מוז זיך געפינען צוליעב איהר.

א גאַנץ אנדער פּשט האָט די נאַציאָנאַלע פראַגע ביי די פּראָ־גרעסיווע פּאַרטייען פון אונזער צייט און בפרט ביי די סאָציאַליסטי־שע פּאַרטייען, וואָס זייער ציעל איז — צופיהרען די ברייטע פּאָלקס־מאַסען צו דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור און זעהן, אז זיי זאָ־לען אַליין, מיט זייערע אייגענע כחות, פערענטפערען אַלע קשיות פון לעבען, וואָס ווערען ארויסגערופען דורך די ענטוויקלונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. דאָ רעדט מען שוין ניט וועגען דעם, ווי איז בעסער איינצוטיילען די ראַיאָנען און גובערניעס און וועלכע אוקאַזען פּאַסען בעסער פאַר די פערשיעדענע ראַיאָנען. דאָ פרעגט מען די טיעפע און וויכטיגע שאלה: איז אפשר גאָר נויטיג, כדי אויסצופיהרען דעם אויבען דערמאָנטען צוועק, אז יעדעס פּאָלק, ווי קליין עס זאָל ניט זיין, זאָל האָבען דאָס רעכט אויף א פּאָלי־טישע אָדער לכל הפחות קולטורעלע זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ? און צוריק ווידער איז די שאלה: אפשר געהט גאָר אזא מין רעכט להיפך צו די אינטערעסען פון דער אַלזייטיגער און גלייכמעסיגער מענשליכער ענטוויקלונג?

מיר ווילען אין אונזער ארבייט העלפען, נאָך אונזערע כחות נאָך, פערענטפערן אָט די הארבע שאלות.

I.

די פראגע, אפשר זאָל יעדעס פאָלק האָבען א רעכט אויף א זעלבסטשטענדיגע פאָליטישע אָדער, לכל הפחות, קולטורעלע עק־זיסטענץ, האָט געשפּיעלט א שטארקע ראָליע אין אלע נאציאָנאלע בעוועגונגען פון דעם נייבצעהנטען יאהרהונדערט און האָט ארויס־גערופען א רייכע ליטעראטור, וואָס האָט זיך מתעסק געווען מיט דעם אויפבויען אָדער פאנאנדערנעמען פון איהרע טעאָרעטישע יסודות. כמעט אלע טעאָרעטיקער פון דער נאציאָנאליטעטען־פראגע זענען צוטיילט אין צוויי גרויסע לאגערן: דעם קאָסמאָפּאָלי־טישען און דעם נאציאָנאליסטישען. די קאָסמאָפּאָליטען האָבען לחלוטין געלייקענט, אז דאָס נאציאָנאלע פרינציפּ זאָל האָבען א וועלכע עס איז וויכטיגע בעדייטונג פאר דער פּראָגרעסיווער קול־טור; די נאציאָנאליסטען ווידער האָבען לחלוטין געלייקענט דאָס אלגעמיין־מענשליכע פרינציפּ.

דערביי מוז מען האָבען אין זינען, אז די נאציאָנאלע בעווע־גונג פון דעם נייבצעהנטען יאהרהונדערט, וואָס האָט געקעמפּפט אנקעגען דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, איז אייגענטליך בעשטאנען פון צוויי גרויסע שטראָמען, וואָס זיינען געגאנגען להיפך איינער צו דעם אנדערן און וואָס זענען פאָרט ארומגענומען געוואָרען מיט איין איינציגען נאָמען: דעם נאָמען „נאציאָנאלע בעוועגונג“. איין שטראָם, ווי, צום ביישפּיעל, דער פּאנסלאוויסטישער, וואָס האָט געוועלט צונויפגיסען אלע סלאווישע פעלקער אין איינעם, אָדער דער פּאנגערמאניסטישער, וואָס האָט דאָס אייגענע געוואָלט מא־כען מיט אלע דייטשע עפלקער, האָט געהאט אין אויג די פעראיי־ניגונג פון אלע „קרובים“ אין איין איינציגע שטארקע מדינה. דער אנדער שטראָם, ווי צ. ב., דער פּוילישער אין רוסלאנד, דער ניי־קעלטישער אין ענגלאנד, דער ניי־פּראָווענסאלישער אין פראנק־רייך, דער קליין־רוסישער אָדער רוטעישער אין עסטעררייכיש־פּוילען, און אזוי ווייטער, האָט, פערקערט, גענומען אויף זיך א

גאַנץ אַנדער מין ארבייט. ער האָט געוועלט — און וויל נאָך ער היום — בעשירעמען די אויטאָנאָמיע פון איטליך פאָלק און ניט דערלאָזען, אז דער אָדער יענער שטאַרקער „קרוב" זאָל עס איינ־שלינגען און אין גאַנצען אסימילירען.

עס פערשטעהט זיך, אז די טעאָרעטישע פונדאמענטען פון די צוויי להיפוך׳דיגע שטראָמען פון דער „נאַציאָנאַלער בעוועגונג" האָבען געמוזט בעשטעהן פון גאַנץ פערשיעדענע טעאָרעטישע ראיות. דער אויטאָנאָמישער שטראָם פון די איינצעלנע פעלקער האָט גע׳טענה׳ט אנקעגען די גרויסע און שטאַרקע נאַציאָנען, וואָס האָבען געוואָלט זיי איינשלינגען, כמעט די אייגענע טענות, מיט וועלכע די גרויסע און שטאַרקע נאַציאָנען האָבען זיך געראַנגעלט אנקעגען דעם קאָסמאָפּאָליטיזם. און צוריק ווידער, האָבען די גרויסע נאַציאָנען אָנגעווענדט אין זייער קאַמפף אנקעגען די איינ־צעלנע פעלקער כמעט דיזעלביגע טעאָרעטישע כלי זיין, מיט וועלכע דער קאָסמאָפּאָליטיזם האָט געהאַפּט אויסצוראָטען אַלע נאַציאָנען און צו בעווייזען, אז דאָס נאַציאָנאַלע פּרינציפּ האָט קיין ברעקעל ממשות ניט. די טעאָרעטישע פּעטש, מיט וועלכע דער קאָסמאָ־פּאָליטיזם פלעגט מכבד זיין דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ, פלעגען די נאַציאָנען איבערגעבען בשלמות צו די פעלקער; און די קלעפּ, וועלכע זיי האָבען צוריקבעקומען פון די פעלקער, פלעגען זיי מיט דערזעלביגער געטרייקייט אונטערטראָגען דעם קאָסמאָפּאָליטיזם.

דער קאָסמאָפּאָליט וויל ניט וויסען פון קיין דייטשען, פראַנ־צויזען, סלאַווען א. א. וו. ער ווייס מעהר נישט איין זאך: די מענשהייט. דער דייטש איז א מענש, און דער פראַנצויז איז אויך א מענש, מעהר נישט א ביסעלע אַן אַנדער מענש. אויף דעמזעל־ביגען אופן וויל אויך דער נאַציאָנאַליסט גאָר נישט ניט וויסען פון פּוילען, רוסען, טשעכען, באַיערן, פּרייסען, זאַקסען א. א. וו. דער פּויל איז א סלאַוו, און דער רוס איז א ביסעל אַן אַנדער סלאַוו; דער פּרייס איז א דייטש און דער זאַקס איז ווידער א מאָל א ביסעל אַן אַנדער דייטש. פון דער אַנדערער זייט איז די מענשהייט פאַר דעם נאַציאָנאַליסט מעהר נישט ווי גלאַט א וואָרט, א לעדיגער

קלאַנג. ווייל אין דער ווירקליכקייט, זאָגט ער, איז גאָר ניטאָ קיין מענשהייט: עס זענען נאָר דאָ נ א צ י אָ נ ע ן: ד. ה. דייטשען, פראנצויזען, סלאווען. אויף דעמזעלביגען שטייגער טענה'ט אויך דער „סעפּאראטיסט" (דער וואָס וויל, אלע פעלקער זאָלען זיין זעלבסטשטענדיג), אז עס איז גאָר ניטאָ דער מין פון „נאציאָנען". „סלאווען", „דייטשען", — דאָס זענען לעדיגע ווערטער; אין דער אמת'ען זענען דאָ פּוילען, רוסען, פּרייסען, זאקסען, א. א. וו.

„ניטאָ קיין מענשהייט", שרייט דער נאציאָנאַליסט. „עס איז מעהר נישט ניטאָ, ווי נאציאָנען".

„ניטאָ קיין נאציאָנען", ענטפערט דער „סעפּאראטיסט"; „עס זיינען דאָ נישט מעהר ווי איינצעלפעלקער."

„איינצעלפעלקער — דאָס זיינען מעהר נישט ווי צופעליגע, ניט וויכטיגע שנוים אין דערזעלביגער נאציאָן, וואָס ריהרען ניט אָן דעם עצם פון דער נאציאָן און וואָס וועלען אי"ה תיכף פערשווינדען," האמפּערט זיך דער נאציאָנאַליסט אנקעגען דעם סעפּאראטיסט.

„איינצעלפעלקער און נאציאָנען — דאָס זענען מעהר נישט ווי צופעליגע, ניט וויכטיגע שנוים אין דערזעלביגער מענשהייט, וואָס ריהרען ניט אָן דעם עצם פון דעם מין מענשהייט און וואָס וועלען אי"ה תיכף פערשווינדען," שרייט אריבער זייער קול דער קול פון דעם קאָסמאָפּאָליט.

דערפון זעהען מיר, אז אין דער נאציאָנאַלער פראגע האָבען מיר איינגענטליך צו טאָן מיט צוויי גרויסע פּרינציפּען, וואָס געהן איינער להיפוך דעם אנדערן: פון איין זייט דער קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס גלויבט אין דער איינהייט פון דער מענשהייט און וואָס האָפט, אז אלע פעלקער וועלען זיך צונויפגיסען אין איין מענשליכען מין; און פון דער אנדער זייט דער סעפּאראטיזם, וואָס האַלט זיך שטאָהל און אייזען פאר דעם פאקט, אז עס זענען דאָ פערשיעדענע איינצעלפעלקער, און וואָס קעמפפט פאר זייער יעדען'ס זעלבסטשטענדיגען זיין אויף דער וועלט. די נאציאָנאַליסטישע טעאָריע, וואָס ליגט אין דער מיט פון זיי ביידען, איז ניט קיין

סינטעזע, ניט די אויסגלייכונג און די צונויפגיסונג פון זיי ביידען, וואָס נעמט אין זיך אריין די געזונדע עלעמענטען ווי פון דעם נאַציאָנאַליזם, אזוי אויך פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם. ווי יעדע טעאָריע, וואָס בלאָנקעט זיך ארום אויפ׳ן מיטען וועג, שפּיעלט זי די ראָליע פון דער פלעדערמויז אין דער בעקאַנטער מלחמה צווישען פויגלען און מייז: לוינט זיך, איז מען א פויגעל; לוינט זיך, איז מען א מויז.

אן אמת׳ע סינטעזע, א ריכטיגע אויסגלייכונג און צונויפגיסונג פון די צוויי להיפּכ׳דיגע פּרינציפּען, געפינט זיך, נאָך אונזער מיינונג נאָך, אין דעם פּרינציפּ פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, צווישען־פעלקערליכקייט, — דעם פּרינציפּ, וואָס דער איצטיגער סאָציליזם האָט אריינגעבראַכט אין דער וועלט.

צום אונגליק, האָט מען א לאַנגע צייט צונויפגעוואָרפען אין איין טאָפּ דעם פּרינציפּ פון אינטערנאַציאָנאַליזם מיט דעם פּרינציפּ פון קאָסמאָפּאָליטיזם. ניט נאָר די געגנער פון צווישען־פעלקערליכקייט, נאָר אויך איהרע אָפיציעלע גבאים האָבען שטענדיג ארויסגערוקט איהר היפּך צו דעם נאַציאָנאַליזם, — בשעת ווען איהר אנדער זייט, איהר היפּך צו דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, איז געבליבען פערבאָרגען אין טיעפען שאָטען און איז מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרען.

אין דעם סאָציאַליסטישען לאַגער האָט איצטער די זאַך בעקומען גאָר אן אנדער פּנים. אין דער לעצטער צייט האָבען זיך גענומען פערמעהרען די סאָציאַליסטישע שטימען, וואָס פערלאַנגען בפירוש, אז מען זאָל זיך אָננעמען פאר די גערעכטע פאָרדערונגען פון דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ און אז מען זאָל זעהן מאַכען א פשרה צווישען איהם און די פּראָגרעסיווע פאָרדערונגען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע פון מעריב־אייראָפּאַ בעגעגענען מיר איצטער אויף שריט און טריט דעם געדאַנקען, אז דער נאַציאָנאַליזם און דער סאָציאַליסטישער אידעאַל זענען גאָר ניט אזוי קידער־ווידער איינער צו דעם אנדערן, אז זיי זאָלען לגמרי ניט קענען ווערען גוט פריינד און אונטער געוויסע

תנאים געהן האנד אין האנד. עס וואָלט ניט געווען שווער צו ברענגען א גאַנצע מחנה שטעלען אויס דעם דייטשען „פאָר־ווערטס", דער עסטרייכישער „ארבייטער־ציימונג", דער איטאַליע־נישער "Critica Sociale" — שטעלען, וואָס שטאַמען פון זעהר בהבנ'טע טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג און וואָס לאָזען ניט איבער קיין ברעקעל ספק, אז די טאַקטיק פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען בנוגע צו דער נאַציאָנאַ־לער פראגע; וואָס איז א לאַנגע צייט געווען מעהר קאָסמאָפּאָלי־טיש, איידער אינטערנאַציאָנאַל, האָט זיך אין די לעצטע צעהן יאָהר שטאַרק א בויג געטאָן אויף דער נאַציאָנאַליסטישער זייט. מיר ווילען דאָ ברענגען, צ. ב., די ווערטער פון ענגעלבערט פּער־נערסטאָרפער, וואָס ער האָט געזאָגט אויף דעם וויענער סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פּאַרטיי־טאָג פון 1897 און וואָס זענען אויפגענו־מען געוואָרען מיט א שטורעמדיגען „בראַוואָ" פון אַלע דערבייגע־וועזענע דעלעגאַטען פון דער עסטרייכישער ארבייטער־פּאַרטיי.

„מיט צוועלף יאָהר צוריק," האָט ער געזאָגט, „איז די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע געווען דורך און דורך אייגעגלויבט אין איין אבסטראַקטען אינטערנאַציאָנאַליזם, סאַמע הויט און ביינער („פלייש־און בלוטלאָזער אינטערנאַציאָנאַליזמוס"). איצטער שטעהט זי אין גאַנצען אויף דעם פונדאַמענט פון א רעאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַליזם... אונזער וועג ליגט ניט פון הומאַניטעט דורך נאַציאָנאַליטעט צו בעסטיאַליטעט, נאָר, אומגעקערט, פון בעסטיאַ־ליטעט דורך די פאָרם פון נאַציאָנאַליטעט צו הומאַניטעט. די נאַ־ציאָנען זאָלען געגליכען זיין צו א בליהענדיגען גאָרטען, אין וועל־כען פערשיעדענע קוויטען ברענגען תענוג דעם אויג.... איך האָף, אז אין גיכען ווילען אַלע קומען צו דעם געדאַנק, אז מען קען זיין אַן אויסגעצייכענטער דייטש, א וואָהלער איטאַליענער, א גוטער סלאַוו און צו דערזעלביגער צייט קען מען זיין א פייערדיגער חסיד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע"... *)

---

*) Vorwærts, 1897, No. 139,

די האָפנונג, וועלכע פערנערסטארפער האָט דאָ אויסגעדריקט, האַלט שוין איצטער ביי מקוים צו ווערען. און פון דעסטוועגן זענען נאָך אויך איצטער דאָ ניט וועניג מענשען אין די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וואָס זעהן אין דער נייער טאַקטיק בנוגע צו דער נאַציאָנען־פראגע א ניט גאָר עהרליך געמיינטען אָבמאַך מיט דער שלעכטער צייט, — אַן אָבמאַך, וועלכער געהט להיפך צו די גרונד־פעסטען פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם און וואָס פערלייקענט יענע גרונד־פעסטען צוליעב א וועלכען עס איז צייטליכען ערפאָלג.

מיר האַלטען אָט דעם ניט צוטרויענדיגען קוק אויף די נייע טאַקטיק פאר א טיעפען טעאָרעטישען און פרינציפיעלען פעהלער. *דער אינטערנאַציאָנאַליזם איז, נאָך דעם טיעפען עצם נאָך פון זיין טעאָריע, אקוראט אזוי להיפך צו דעם נאַציאָנאליזם, ווי צו דעם קאָסמאָפאָליטיזם.* דאָס אידעאַל פון קאָסמאָפאָליטיזם איז דאָס פערשווינדען פון אַלע נאַציאָנאַלע פערשיעדענהייטען, און די קינפטיגע מענשהייט שטעלט ער זיך פאָר, ווי איין גרויסע אויסמישענים פון איינצעלנע פאַרשוינען. אָבער דאָס פרינציפ פון אינטערנאַציאָנאַליזם, פון צווישענפעלקערליכקייט איז גאָר אויפגעבויט אויף דעם געדאַנקען פון *פעלקער־ברידערשאפט*, וואָס הויבט גאָר ניט אָן צו פערלאַנגען, אַז איין ברודער זאָל זיין עהנליך צו דעם אַנדער ברודער, ווי איין טראָפען וואַסער צו דעם אַנדער טראָפען. און נאָך מעהר: דער אינטערנאַציאָנאַליזם האָט אין איינעם מיט דעם נאַציאָנאַליזם א בשותפות'ען גרונד־פרינציפ: *דאָס רעכט פון די פעלקער אויף זעלבסטבעשטימונג.*

די נפקא מינה — און זעהר א טיעפע נפקא מינה — איז צווישען זיי, וואָס דער נאַציאָנאַליזם קוקט אויף יעדוועדעם פאָלק, ווי אויף אַ זעלבסטשטענדיגע, אין זיך גופא איינגעשלאָסענע זאַך, וואָס קען, אויב עס האָט דעם כח דערצו, ארויסטרעטען געגען אַלע אַנדערע פעלקער, ווי אַ פראַנק און פרייער בעל־הבית. זיינע

עסקים מיט די אַנדערע פעלקער מעג ער פיהרען ווי ער וויל, קו־קענדיג נאָר אויף זיין אייגענעם ווילען און אויף זיינע אייגענע אינ־טערעסען. קריעג און פריעדען הענגען אָב מעהר נישט ווי פון דעם בעשלוס פון דעם פאָלק גופא, און קיין אַנדער פאָלק האָט נישט קיין רעכט אריינצומישען זיך אין זיינע עסקים מיט אַן אַנדער פאָלק. — דאָס איז דערזעלביגער ליבעראַל־בורזשואזער קוק, וואָס דריקט זיך אויס אין די בעריהמטע ווערטער: ,,Laisser faire, laisser aller'' („מישט זיך ניט אריין, לאָז געהן, ווי עס געהט"), נאָר פון דער פאָליטישער עקאָנאָמיע, פון די עסקים צווישען מענש און מענש, צווישען ארבייטער און קאפיטאַליסט, צווישען איין סוחר און דעם אַנדערן, אריבערגעטראָגען אין די נאַציאָנאַלע פראַגע, אין די עסקים צווישען איין פאָלק און דעם אַנדערן. און די רעזולטאַטען פון דעם ליבעראַל־בורזשואזען קוק זענען דיזעלביגע, סיי אין דעם גע־זעלשאַפטליכען לעבען, סיי אין די צווישען־פעלקערליכע שייכות'ען. דאָ און דאָרטען געוואַלטעוועט דער שטאַרקערער איבער דעם שוואַ־כערען: אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען שרייען די הערשענדע קלאַסען, מען זאָל זיך ניט אריינמישען אין זייערע עסקים מיט די אונטערדריקטע. אין דעם פעלקער־לעבען טענה'ען די נאַציאָנאַ־ליסטען, מען זאָל זיך ניט אריינמישען אין די עסקים פון די הער־שענדע נאַציאָנען מיט די אונטערדריקטע פעלקער. דאָ און דאָר־טען איז „כל דאלים גבר"; ווער ס'איז שטאַרקער — איז דער יחסן. דאָ און דאָרטען איז „מי יאמר לי, מה תעשה?" ווער דערוועגט זיך צו קריטיקירען, וואָס איך טו? אויב איך פרעס דעם אַדערן ניט אויף אין גאַנצען מיט הויט און האָר, איז ווײַלע איך וויל ניט, ווײַלע מיר לוינט ניט. אַ רעכט אויפצופרעסען דעם אַנדערן האָב איך, און אויך דער אַנדערער, דער שוואַכערער, האָט דאָסזעלביגע רעכט אויפצופרעסען מיך, דעם שטראַקערען... לאָז ער נאָר פּרו־בירען!

גאַנץ אַנדערש קוקט אויף דעם ענין דער סאָציאַליסטישער אינ־טערנאַציאָנאַליזם. ער לייקענט דעם „לאָז געהן, ווי עס געהט", דעם „כל דאלים גבר" אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, און ער

לייקענט איהם אויך אין דעם צווישען־פעלקערליכען לעבען. די מענשהייט איז אין זיינע אויגען ניט אַן אויסמישענים פון פערשיע־דענע איינצעל־פאַרשווינען, אָבער אויך ניט א סכום פון נאַציאָנען, איינע אָבגעריסען פון די אַנדערע. די מענשהייט איז אין זיינע אויגען א *ברידערליכע משפחה פון פעלקער*, וואו אַלע פעלקער זענען אויסגעבונדען איינס מיט דעם אַנדערן, וואו יעדעס פאָלק איז א גלייכבערעכטיגטער ברודער מיט אַלע אַנ־דערע, וועמעס אינטערעסען עס זענען שטענדיג סאָלידאריש מיט די אינטערעסען פון די אַנדערע, וועמעס רעכט עס געהן נאָר ביז צו די גרעניצען, וואָס ריהרען ניט אָן דעם אַנדערנ׳ס רעכט אַקוראַט אויף אַזאַ לעבען, ווי מיינעם. דאָס שליסט ניט אויס, נאָר אדרבה דאָס שליסט איין, אַז די איינצעלמענשען, וואָס געהערען צו א פאָלק, זאָלען וויסען און פערשטעהן, אַז זיי געהערען צו א בעשטימטען פאָלק, וואָס איז פערשיעדען פון אַלע אַנדערע פעלקער.

דער פירוש אויף דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס מיר גיבען דאָ איצטער, איז ניט אויס דעם פינגער געזויגען און אויך ניט עקסטרא אויסגעטראַכט צוליעב די הערשענדע אומשטענדען פון אונזער צייט. ניין! דער פירוש איז זיין פשוט׳ער אמת׳ער פשט. פאר די, וואָס זענען שטאַרק מסופק אין דעם, וועל איך מעהר נישט דערמאָנען דעם וויכטיגען פאקט, אַז די בעריהמטע „אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער־אַסאָציאַציאָן“, דער „אינטער־ציאָנאַל“, וועמעס אָנדענקען עס וועט קיינמאָל ניט פערשווינדען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, און וואָס איז געווים געווען א מומחה אין הלכות אינטערנאַציאָנאַליזם — דאָס וועט קיינער ניט לייקענען, — אַז דער „אינטערנאַציאָנאַל“, זאָגען מיר, האָט זיין גרונד־פרינציפ פון צווישען־פעלקערליכקייט אַקוראַט אַזוי פער־שטאַנען, ווי מיר האָבען איהם נאָר וואָס אויסגעטייטשט, ד. ה. ווי א פרינציפ, וואָס פערבינדט אין איינעם דעם נאַציאָנאַליזם מיט דעם קאָסמאָפאָליטיזם און לייקענט אָב אין דערזעלביגער צייט די שעדליכע און פאַלשע עלעמענטען פון זיי ביידען.

מיר וועלען זיך דאָ אָבשטעלען מעהר באריכות אויף די גע־

דאַנקען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער־אסאָציאַציאָן וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע און דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, ווײַלע מיר דוכט, אז די מיינונגען פון דער ערשטער גרויסער צווישען־פעלקערליכער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי וועגען דעם ענין דארפען האָבען אַ שטאַרקע פּרינציפּיעלע וויכטיגקייט.

II.

די פּובליציסטען פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ האָבען איינגעזעהן די נויטיגקייט, אז די אַרבייטער־בעוועגונג מוז אריבערשפּרייזען איהרע ענגע נאַציאָנאַלע גרעניצען און בעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער. דאָס איז דערפאַר, ווײַלע די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די אַרבייטער זענען צווישען־פעלקערליך אויסגעבונדען און הענגען אָב איינע פון די אַנדערע.

„די ארבייטער־פראַגע“, האָט געשריעבען דער „פאָרבאָטע“, אָפיציעלער אָרגאַן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־אַסאָציאַציאָן, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין זשענעווע, „די אַרבייטער־פראַגע קען ניט זיין קיין אָרטליכע פראַגע אָדער אַ נאַציאָנאַלע פראַגע, נאָר מוז זיין צווישען־פעלקערליך דערפאַר, וואָס זי איז ענג פערבונדען מיט די עקאָנאָמישע אומשטענדען פון דער גאַנצער וועלט.“ „אַזוי ווי איין איינצעלנע מדינה, אפילו די קרעפטיגסטע, איז ניט ביכולת מיט איהרע אייגענע כחות איבערצובויען אַלע סאָציאַלע שייכות'ען, אַוועקשטעלען זיי אויף דעם פונדאַמענט פון ארבייטס־קראַפט אַנשטאָט דעם פונדאַמענט פון געלדמאַכט; דעריבער קען ניט זיין קיין נאַציאָנאַלער סאָציאַליזם, דעריבער קען זיין נאָר אַ צווישען־פעלקערליכער סאָציאַליזם, וואָס זיין גרונד־פּרינציפּ שליסט אין זיך איין ברידערשאַפט און פריעדען צווישען פעלקער. *)

אָבער דער צווישען־פעלקערליכער בונד פערלאַנגט ניט חלילה,

*) דער „פאָרבאָטע“, צענטראַל־אָרגאַן דער סעקציאָנסגרופּע דייטשער שפּראַכע דער א. א. א., רעדיגירט פאָהן יאָהאַן־פיליפּ בעקער, 1866, נומ. 1.

אז די נאַציאָנאַלע אויפגאַבען פון די איינצעלנע פעלקער זאָלען אָב־געשטופּט ווערען ערגעץ אָן א זייט. אדרבה, דער „פּאַרבאַטע“ זאָגט בפירוש:

„די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער־בעוועגונג האָט אומעטום צו איהר ערשטען בעדינג די פרייע און גאַנצע נאַציאָנאַלע ענט־וויקלונג“, *) יעדע נאַציאָן מוז ביי זיך אין דער היים מאַכען ריין איהר אייגענע שטוב, ד. ה. פריהער פאַר אַלץ פערענטפערען איהר נאַציאָנאַלע אויפגאַבע“, וועלכע בעשטעהט „אין דער פּאָליטישער פרייהייט אינווענינ און דער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט אין דרויסען“. **)

די פערענטפערונג פון דער נאַציאָנאַלער אויפגאַבע איז דער ערשטער תנאי, וואָס מוז אויסגעפיהרט ווערען, איידער מען קען איינפיהרען די ברידערשאַפט פון די פעלקער.

„כדי די בעוועגונג פון דעם גאַנצען“ (ד. ה. פון דעם גאַנצען צוווישען־פעלקערליכען מענשהייטס־בונד) „זאָל ניט ליידען פון מניעות אין פערזוימען־זיך, נאָר אדרבה, זאָל זיך געפינען אונ־טער דער ווירקונג פון דעם אויפטרייסלענדיגען און שטאַרקער מאַ־בענדיגען וועלען אריבעריאָגען איינער דעם אנדערן, איז נויטיג, אז יעדעס גליעד פון דעם גאַנצען (דאָס איינצעלנע פאָלק) זאָל זיין פול מיט געזונד און ענערגיע. און היות ווי אָט דאָס גליעד איז ניט נאָר א גשמיות׳דיגע בריאה, נאָר אויך א גייסטיגע און א זיטליכע, דעריבער מוז זי זיין אין דער לאַגע איינשטעלען זיך פאַר איהר כבוד און איהר חשיבות, איהר בעדייטונג און איהר ווירקונג.“ ***)

„ווייל דער בונד פון פעלקער איז א בונד פון גלייכבערעכטיגטע גליעדער, א פעדעראַציאָן פון גלייך פרייע קאָלעקטיוויטעטען.“ דע־

*) דאָרטען גופא, 1868, נומ. 8, זייטע 120.

**) דאָרטען גופא, 1866, נומ. 2, זייטע 170. „די סואווערעני־טעט (די אויבערהערשאַפט) פון א פאָלק“, זאָגט דאָרטען ווייטער דער „פּאַרבאַטע“, „בעשטעהט אין דעם, וואָס דאָס פאָלק געהערט צו זיך אַליין.“

***) דאָרטען גופא.

ריבער „זאָל קיין פאָלק ניט האָבען קיין אנדער איבערוואָג, סיידען דעם, וועלכען אלע זיינען איהר מודה פאר איהר וויסען און פאר איהר אויפטאָן, פאר איהר שכל'דיגע און גשמיות'דיגע ארבייט אויף דעם פעלד פון בעשאפען פריעדליכע קולטור". „א פ י ל ו ד ע ר ק ל ע נ ס ט ע ר נ א צ י אָ נ א ל י ט ע ט מ ו ז צ ו י ע ד ע ר צ י י ט ב ע ו ו אָ ר ע נ ט ו ו ע ר ע ן א פ ר י י ע א ו ן ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ג ע ע ק ז י ס ט ע נ ץ." *)

אין איין אנדער אָרט לייענען מיר: „יעדע נאציאָנאליטעט, וואָס איז איינער פון די אָרגאַנישע טיילען, פון וועלכע די גרויסע מענשהייטס־פאמיליע ווערט צונויפגעשטעלט, דארף אריינטראָגען אין די אלגעמיינע קולטור איהר אייגענעם חלק, לויט איהר טעמפּע־ראמענט, איהרע השלמות און לויט די נאטירליכע פּראָדוקטען פון איהר לאנד." און די אויפגאבע פון דער „אינטערנאציאָנאלער ארבייטער־אסאָציאציאָן" ליגט טאקי אין דערינען, „צו זיין א פער־מיטלער צווישען די גייסטיגע, זיטליכע און קערפערליכע בעדערפע־ניסען פון די פעלקער און צו ברענגען זיי אין הארמאָניע איינע מיט די אנדערע." **)

דער „פארבאָטע" געהט נאָך ווייטער. ער זאָגט, ביי דעם איצטיגען בוי פון דער געזעלשאפט האָבען די נאציאָנאליטעטען בשום אופן ניט דערגרייכט צו דעם אידעאל פון א נאציאָן. די אר־בייטער־בעוועגונג האָט, נאָך זיין מיינונג נאָך, די אויפגאבע, יענעם אידעאל איינצופיהרען אין לעבען. „עס וואָלט געווען," שרייבט ער, „א גראָבער טעות צו קוקען אונטער די איצטיגע אומשטענדען אויף א פאָלק, ווי אויף א נאציאָן, ווי אויף אַן אמת'ע קאָלעקטיווע בריאה. ווייל לעת עתה איז א פאָלק מעהר נישט, ווי א סכום פון טיי־לען, וואָס דארפען ערשט צונויפוואקסען און ווערען א קאלעקטיווע בריאה.... דעריבער קען דער גרונד־צוועק פון דער ארבייטער־בעווע־

---

*) דאָרטען גופא, 1868, אין דעם ארטיקעל: „צור ערקלערונג אונזערער אויפגאַבע".

**) דאָרטען גופא.

גונג קורץ פארמולירט ווערען אָט אין וועלכען רעיון: זי וויל ארויספיהרען די גאנצע געזעלשאפט פון דעם פאסיווען צושטאנד פון א מעכאניזם און אריינפיהרען זי אין א זעלבסט־טעטיגען צו־שטאנד פון אן אָרגאניזם.“ *)

עס איז ניט נויטיג צו ברענגען נאָך מעהר שטעלען פון דעם „פארבאָטע“, וואָס זאָלען בעווייזען, אז ביי די פובליציסטען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל איז דער פרינציפ פון דעם אינטערנאַציאָ־נאַליזם בשום אופן ניט געווען קאָסמאָפאָליטיש. איך וויל מעהר נישט בעמערקען, אז זיי האָבען אליין גאנץ גוט געוואוסט, אויף וואָס׳ער וועלט זיי זענען און האָבען גוט פערשטאנען דעם פאַקט, אז זייער קוק אויף דעם אינטערנאַציאָנאַליזם געהט להיפך סיי צו דעם נאַציאָנאַליזם, סיי צו דעם קאָסמאָפאָליטיזם.

אויף דעם קאָסמאָפאָליטיזם האָבען זיי געקוקט, ווי אויף א פּראָדוקט פון דער ליבעראַלער בורזשואזיע, „וואָס קריגט איהר קאָסמאָפאָליטישען דיפלאָם אויף דעם אלוועלטליכען מארק“, **) און דעם נאַציאָנאַליזם האָבען זיי געהאלטען פאר א פּראָדוקט פון דעם פּריצ׳ישען פעאָדאַלען יונקערטום. פון דער אנדער זייט איז אויף אן אלגעמיינער פערזאמלונג פון זשענעווער ארבייטער איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען, „פייערליך צו דערקלע־רען פאר דער גאנצער וועלט“, „אז דער פּאָליטישער נאציאָנאַליזם — דער ראסען־פּרינציפּ געהט להיפך צו דעם סאָציאלען הומאניזם — דעם מענשהייטס־פּרינציפּ; אז עס דארף ניט זיין קיין אַנדערע נאטירליכע גרעניצען, א חוץ די גרעניצען פון דער שפּראך, קיין אנדער נאציאָנאלע אָבגעזונדערטקייט א חוץ די, וואָס ווערט בע־שאפען דורך די פּראָדוקטען פון אן אלגעמיינער ליטעראטור, און עס דארפען ניט זיין קיין אַנדערע ציעלען פאר א פאָלק, א חוץ דעם ציעל פון א וואהל־לעבען פאר דער גאנצער מענש־

*) דאָרטען גופא, 1870, נומ. 3, זייטע 35.

**) דאָרטען גופא, 1866, נומ. 2.

הייט". *) „יעדעם פאָלק זאָל, לויט זיין טעמפעראַמענט, לויט
דעם קלימאַט און די פראָדוקטען פון זיין לאַנד אריינברענגען
זיין מתנה, וואָס איז פערשיעדען פון די
מתנות פון די אנדערע, אין דעם אַלגעמיינעם
אוצר פון דער קולטור, און דוקא אַט די פערשיעדענהייט פון די
מתנות („מאַניגפאַלטיגקייט דער לייסטונג") וועט מאַכען מעגליך
די בעשאַפונג פון אַן איינהייטליכען און אַ האַרמאָנישען גאַנ-
צען." **)

אין דער שעהנסטער האַרמאָניע מיט אַלע אַט די פרינציפיעלע
דערקלערונגען פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" איז אויך געווען די פאָ-
זיציע, וועלכע זיינע פובליציסטען האָבען געהאַלטען פאַר זייער חוב
איינצונעמען בנוגע צו די נאַציאָנאַלע בעוועגונגען פון זייער צייט.

„מיר וועלען העלפען נאָר יענע נאַציאָנאַלע בעשטרעבונגען,"
האָט געשריבען דערזעלביגער „פאָרבאָטע", „וואָס האָבען אין אויג
די פולע פרייהייט, זעלבסטשטענדיגקייט און גלייכבערעכטיגונג פון
אַלע, כדי יעדעם פאָלק זאָל קענען אריינטרעטען אין די אַלגעמיינע
פרייע פעדעראַציאָן, ווי אַ גלייכבערעכטיגט גליעד פון דער מענש-
הייט." ***)

אָט דאָס זענען געווען די פרינציפען פון דער „אינטערנאַציאָ-
נאַלער ארבייטער-אַסאָציאַציאָן", און ווי די פרינציפען, אַזוי איז
אויך געווען איהר פראַקטישע ארבייט. אומעטום,
וואו נאָר אַ וואָס'ער עס איז פאָלק האָט געראַנגעלט זיך פאַר זיין
זעלבסטשטענדיגקייט, האָט עס געקענט רעכענען אויף די סימ-
פאַטיע און די הילף פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" לויט זיינע
כחות. אַ סך נאַציאָנאַלע בעוועגונגען פון יענער צייט האָבען גע-
האַט זייערע הייסע און די איבערגעבענע פריינד, סיי אין דעם גענע-
ראַל-ראַט, סיי אין די איינצעלנע סעקציאָנען, ווי, צ. ב., די פעניער

*) אַלץ דאָרטען, 1871, נומ. 3.

**) אַלץ דאָרטען.

***) אַלץ דאָרטען.

בעוועגונג אין ענגלאַנד, דער רוימישער אויפשטאַנד און די בע־פרייאונג פון פוילען. *)

לאָמיר זיך נאָך אויף א ווײַלע אָבשטעלען אויף דעם פּרינציפּ פון דער אינגווענינגסטער אָרגאַניזאַציע פון דעם „אינטער־נאַציאָנאַל“, וואָס איז אויך געווען ווי אויסגעגאָסען אין דעם פורעם פון זיינע געדאַנקען וועגען אינטערנאַציאָנאַליזם, און וואָס פיעלע האָבען בעטראַכט ווי א מוסטער פאַר דער צוקינפטיגער אָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער מענשהייט. **) בעת מיט דער פּראָפּאַגאַנדא איז מען געגאַנגען צו די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, האָט די אָרגאַניזאַציע זיך גערעכענט מיט די פּראָלעטאַריער פון אַלע שפּראַכען. אומעטום, וואו נאָר די אומשטענדען האָבען דאָס דערלאָזען, האָבען צענטראַלע קאָמיטעטען פעראייניגט אַלע סעק־ציעס, וואָס האָבען גערעדט אויף איין לשון. ***) דער פּרינציפּ פון מדינות און טעריטאָריעס האָט אומעטום געמוזט אָבטרעטען זיין פּלאַץ צו דעם נאַציאָנאַלען און קולטורעלען פּרינציפּ פון דעם לשון. אין דער אָרגאַניזאַציע פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ האָט א פאָלק געהייסען ניט די, וואָס וואָהנען אין איין מדינה אָדער אויף איין טעריטאָריע, נאָר די, וואָס רעדען איין שפּראַך. און אויף דעם אופן האָבען די פערשיעדענע טיילען פון דעם פּראָלעטאַריאַט זעהר גוט געקענט אָבהיטען אין דער אָרגאַניזאַציע זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען. אין דעם „מעמאָריאַל פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער דייטשער שפּראַך“ פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“, וואָס איז פאָרגעלעגט געוואָרען אין 1869 פאַר דעם דייטשען סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישען קאָנגרעס אין אייזענאַך, לייענען מיר: „דער קרייז פון

*) איינצעלנע פּרטים וועגען דער שטעלונג פון דעם „אינטערנאַ־ציאָנאַל“ צו די פערשיעדענע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען זעה „פאָרבאָטע“ 1866, נומ. 11, זייטע 165 ; 1867, נומ. 2, זייטע 30 ; דאָרטען גופא נומ. 6, זייטע 93—92, און נומ. 12, זייטע 189.

**) אַלץ דאָרטען, 1870, נומ. 3, זייטע 77.

***) דאָרטען גופא, 1866, נומ. 7, זייטע 139.

ארבייט, וואָס געהערט צו דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון וועלכער עס איז נאַציאָנאַליטעט, איז ניט בעגרעניצט דורך די גרעניצען פון וועלכער עס איז מדינה; ער פערשפּרייט זיך אויף איבער אַנדערע מדינות, לויט די גרעניצען פון זיין שפּראַך.״ *) דער „אַלגעמיינער דייטשער ארבייטער־בונד״ אין ניו יאָרק און די דייטשע סעקציע אין סאַן־פראַנציסקאָ האָבען בעלאַנגט צו דעם „צענטראַל־קאָמיטעט פון דער דייטשער שפּראַך״ („צענטראַל־קאָמיטע דייטשער צונגע״), וואָס האָט געהאַט זיין זיץ אין זשענעווע.

די פערשיעדענע פעלקער און שפּראַכען, וואָס זענען איצטער דאָ אויף דער וועלט, האָבען ניט אַלע דעמזעלביגען חן אין די אויגען פון די געלערנטע און די געבילדעטע. אויף די הערשענדע פעלקער און די רייכע שפּראַכען מיט רייכע ליטעראַטורען קוקט מען מיט גרויס רעספּעקט, און קיינעם קומט ניט אין זינען אריין אָבצולייקענען זייער רעכט אויף צו זיין אין דער וועלט און אויף ווייטער צו ענטוויקלען זייער רייכקייט. די אונטערדריקטע פעלקער און די אָרעמע שפּראַכען האָבען דעמזעלביגען מזל, וואָס אַלע אונטערדריקטע און אָרעמע בכלל. מען פערגינט זיי ניט, וואָס זיי עטעמען: „מינדערווערטיגע״ פעלקער און „זשאַרגאָנען״ רופט מען זיי אָפּטמאָלס אָן. ווערדליג ווי דער בריסעלער קאָנגרעס פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל״ אין 1869 האָט זיך בעגאַנגען מיט דעם פלאַמאַנדישען „זשאַרגאָן״ קען מען לייכט זעהן, ווי ער האָט איבערהויפּט געקוקט אויף אַזעלכע „מינדערווערטיגע״ פעלקער און שפּראַכען. אויף דעם קאָנגרעס איז דער לשון פון די פלאַמאַנדער געווען גלייכבערעכטיגט מיט אַלע אַנדערע לשונות. דער רעפערענט פון דער בעלגישער סעקציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, דער בעריהמטער סאָציאַליסט צעזאַר דע־פּאַפּ, האָט מיט פרייד דערצעהלט דעם קאָנגרעס, אַז די פלאַמאַנדישע ארבייטער־צייטונגען ענטוויקלען זיך אַלץ מעהר און מעהר און ערוואָרבען אַ בכבוד׳ען פּלאַץ פאַר דער פאָלקס־שפּראַך פון די פלאַמאַנדער, אויף וועלכע די פלעמישע בור־

*) אַלץ דאָרטען, 1869, נומ. 7, זייטע 103 און ווייטער.

זשואַזיע, „וואָס פאַרליערט פראַנצויזיש", האָט „האָך־וואָהלגעבאָרען" א מאַך געטאָן מיט'ן האַנד. *)

פון די אַלע שטעלען, וואָס מיר האָבען דאָ געבראַכט וועגען דעם אינטערנאַציאָנאַל, שיינט ארויס קלאָר ווי דער טאָג, אז מען קען זיין אינטערנאַציאָנאַליזם בשום אופן ניט אָנרופען „סאַמע הויט און ביינער." אדרבה! עס איז ניטאָ קיין איין איינציגע גערעכטע פאָרדערונג פון דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ, וועלכע די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער־אסאָציאַציאָן זאָל ניט האָבען אריינגענומען אין איהר פּראָגראַם. דאָס רעכט פון יעדער, אפילו דער קלענסטער נאַציאָנאַליטעט, אויף א פרייע זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנאַלע ענטוויקלונג; די פאָרדערונג, אז יעדעס גליעד פון דער גרויסער מענשהייטס־פאַמיליע זאָל קענען אָבהיטען זיין „כבוד און חשיבות, זיין בעדייטונג און ווירקונג", און אז עס זאָל פריהער פאַר אַלץ זעהן אויספיהרען זיין נאַציאָנאַלע אויפגאַבע אין דער היים („ריין מאַכען זיין אייגענע שטוב"); דאָס באמת ברידערליכע בעגעהן זיך מיט אַלע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, וואָס ווילען דערגרייכען די „גאַנצע און פולע פרייהייט"; די באמת'ע ליעבע צו די „מינדערוועריגע" שפּראַכען, וואָס רייסען זיך פון זייער ניעדעריגען ארעמען מעמד צו א העכערער מדרגה אין דער ענטוויקלונג פון קולטור, — אָט דאָס אַלץ זענען ריינע, ניט פערפאַרבטע סימנים פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, וועלכען די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער אסאָציאַציאָן האָט אריינגעבראַכט אין לעבען. פערנערםטאַרפער'ס פּירוש אויף איהם איז דעריבער לחלוטין ניט קיין „הנחה צו דעם צד שכנגד", ווי דר. בערסטל האָט זיך אויסגעדריקט אויף דעמזעלביגען וויענער קאָנגרעס, נאָר דער ערשטער אָנהויב, ווידעראויפצובויען די געדאַנקען און אידעען, וואָס האָבען געלעבט אין דעם „אינטערנאַציאָנאַל". און אויך אַלע אַנדערע סימנים פון סימפּאַטיע צו נאַציאָנאַליזם, וואָס מיר געפינען איצטער אין דער

*) דאָרטען גופא, 1869, נומ. 3, זייטע 47. פערגלייך אויך 1868, נומ. 1, זייטע 13, און נומ. 9, זייטע 133.

סאָציאַליסטישער וועלט, זענען ניט קיין „כופרים בעיקר“ אין דעם צווישען־פעלקערליכען פּרינציפּ, נאָר אדרבה, זיי בעווייזען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַליזם וויל זיך ווידער אַוועקשטעלען אויף זיין ריכטיגען פונדאַמענט.

III.

צייטענווייז הויבט אונז שוין אָן אויסצודוכטען, אַז אונטער דעם מאַנטעל פון דעם געוועהנליכען, קאָסמאָפּאָליטישען אויסטייטשען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אידעע זענען געלעגען פערבאָרגען און ליגען ניט זעלטען נאָך איצטער פערבאָרגען גאַנץ פּשוט'ע און ריינע ש אָ וו י נ י ס ט י ש ־ נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ־ ס ט י ש ע שטיק. מיט עטליכע יאָהרען צוריק האָט מען, צ. ב., געקענט לייענען אין דעם „פאָרוועדטס“, דעם צענטראַל־אָרגאַן פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס איז יעמאָלט אַרויסגעגעבען געוואָרען אונטער דער רעדאַקציע פון דעם פערשטאָרבענעם ווילהעלם ליעבקנעכט, אַזעלכע מיני זעהר טיעף אָנשטויסענדע ווערטער: „דער דייטש,“ שרייבט ליעבקנעכט, „איז תמיד געוועזען אַ קאָסמאָפּאָליט, און דער בטלנ'ישער געדאַנק פון כינעזיש־נאַציאָנאַלער אָבזונדערונג האָט געקענט אויסוואַקסען נאָר אין די אָסט־עלבישע, אויף העלפט פּלאַוויש־קאַזאַקישע יונקערשאַרבענס. און, כ'לעבען, דאָס גערמאַנישע פאָלק מעג שטאָלצירען מיט זיין עמיגראַציאָנער און קאָלאָניאַלער פּאָליטיק. עסטרייך אַליין, אָבגענומען ביי די סלאַווישע און אַנדערע האַלב־באַרבאַרען און צוגעפיהרט צו דער גערמאַנישער קולטור, איז ווערט וויפיעל גאַנץ אינדיען. אָדער: עס וואָלט ווערט געוועזען, ווען דאָס דייטשע פאָלק וואָלט ניט פערלאָרען די הערשאַפט אין זיין אייגענעם לאַנד און, צוליעב אַ גאַנצע קייט פון אונגליקליכע סבות, ניט אונטערפאַלען אונטער די אויבערהערשאַפט פון פירסטען, וואָס האָבען געטראַכט מעהר נישט, ווי וועגען זייערע אייגענע ענג־דינאַסטישע אינטערעסען. קיין איין איינציגער פון אַט די פירסטען איז ניט געוועזען ביכולת צו פערשטעהן דעם נאַציאָנאַלען און אין דערזעלביגער צייט אינטערנאַציאָנאַלען גאַנג („צוג“) פון דעם דייטשען פאָלק.

**דורך זיין** נאַציאָנאַלע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק וואָלט דאָס דייטשע פאָלק בעשאַפען אין עסטרייך אַ קראַפט, וואָס וואָלט, מיט דער פלאַנמע־סיגער הילף פון דער מעטראָפּאָליע, שוין איצטער געהאַט אין איהר האַנד דעם גאנצען באַלקאַנישען האַלב־אינזעל און איינעם מיט קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל, דעם שליסעל צו דער הערשאַפט איבער דער גאַנצער וועלט. אָבער קיין איין איינציגער פון די דייטשע מלכים און די מדינה־קעפּ, ווי מען רופט זיי, האָט ניט געהאַט קיין ברעקעל השגה אין אַזאַ נאַציאָנאַל־אינטערנאַציאָנאַלער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק". *)

דער איינציגער פשט פון אָט דעם גאנצען „נאַציאָנאַל־אינ־טערנאַציאָנאַלען" פּלאָנטער איז אָט וואָס: די דייטשע מדינה האָט געדאַרפט פערנעמען זיך מיט וועלט־פּאָליטיק. זי האָט געדאַרפט אַריינכאַפּען אין איהרע הענד דעם באַלקאַן־האַלבאינזעל מיט קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל דערצו און פאַנאַנדעררעכענען זיך אויף איהר שטיי־גער מיט די „סלאַוויש־קאָזאַקישע" און אַנדערע „האַלב־באַרבאַרישע" שאַרבענס און קעפּ... דער „הויט־און־ביינערנער אינטערנאַציאָנאַ־ליזם" („דער דייטש איז תמיד געווען אַ ק אָ ס מ אָ פּ אָ ל י ט"...) איז דאָ גאַנץ פּלוצים פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פולבלוטיגען ש אָ וו י נ י ז ם, און פון דעם אמת'ען אינטערנאַציאָנאַלען פּרינציפּ איז מעהר נישט געבליעבען, ווי אַ וויסטער קלאַנג.

דער נאַציאָנאַלער שאָוויניזם, וואָס טרעט ארויס מיט די חנ'דלעך פון קאָסמאָפּאָליטיזם און צווישען־פעלקערליכקייט, לאָזט זיך זעהר אָפט הערען אין יענעם טייל פון דער דייטשער ארבייטער־פּרעסע, וועלכע מוז זיך רעכענען מיט דער ארבייטער־בעוועגונג אין פּרייסיש־פּוילען. איך וואָלט געקענט אָנפיהרען אַ גאַנצען הויפען ביישפּיעלען פון אַזאַ „נאַציאָנאַל־אינטערנאַציאָנאַל־קאָסמאָפּאָלי־

---

*) „דאָס אויסוואַנדערונגס־געזעץ", אַ לייט־אַרטיקעל אין דעם בער־לינער „פאָרווערטס", נומ. 85, פון 10־טען אַפּריל, 1897. נאָך דעם סגנון הלשון נאָך, שטאַמט דער אַרטיקעל גאַנץ געוויס פון ווילהעלם ליעבקנעכט גופא.

טישען" בעגעהן זיך מיט די פּוילישע ארביימער און מיט זייער רעכט אויף א זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג. איך וועל ברענגען מעהר נישט ווי א פּאָר שטעלען פון די רעדאקציאָנעלע הגהות, וואָס די „סעקסישע ארבייטער־צייטונג" האָט געמאכט צו דעם פּראָטאָ־קאָל פון דעם בערלינער קאָנגרעס, וועלכען די פּוילישע ארבייטער האָבען אָבגעהאלטען אין 1897. ווי יעדער וויים, האָט די פּוילישע אַרבייטער־פּארטיי, די פּ. פּ. ס., אויפגעשריעבען אויף איהר פּאָהן די בעפרייאונג פון פּוילישען פאָלק פון אונטער דעם פרעמדען יאָך. אָבער צווישען די פּוילישע ארבייטער אין דייטשלאַנד, ווי אומעטום, געפינען זיך אויך אזעלכע, וואָס פאר זיי איז אינטערנאציאָנאַליזם דיזעלביגע זאך, וואָס קאָסמאָפּאָליטיזם, און וועלכע שטרייטען דע־ריבער אנקעגען דעם נאציאָנאלען טייל אין דעם פּראָגראַם פון דער פּוילישער ארבייטער פּארטיי. די רעדאקציע פון דער „סעקסישער ארבייטער־צייטונג" האָט יעמאָלט בעשיינפּערליך סימפּאטיזירט מיט דעם אַנטינאציאָנאַלען שטראם אין דער פּוילישער ארבייטער־וועלט און האָט דעריבער ארומגעצירט דעם פּראָטאָקאָל מיט גרין־און־גאַליגע שטעכווערטלעך, וואָס האָבען בעדארפט דערלאַנגען די „נאציאָנאַליסטען" אין דער זיבעטער ריפּ אריין. מילא, דאָס קען מען נאָך ווי עס איז פערשטעהן און סוף כל סוף מוחל זיין. נאָר אָט איז זי געקומען צו דעם אָרט אין פּראָטאָקאָל, וואו ער ריהרט אָן דעם פאקט, אז די דייטשע סאָציאל־דעמאָקראטען זעהן אין א סך ערטער זעהר ניט גערן די פּוילישע אגיטאציע. דאָס האָט שוין די רעדאקציע גאָר ניט געקענט אויסהאלטען. „הייסט עס, מיר האַלטען שוין אזוי ווייט," שרייט זי אויס, „אז די נאציאָנאלע פּראָ־פּאגאנדע פון אָט יענע פּוילישע סאָציאַליסטען הויבט אָן צו שטע־רען די דייטשע מיטגליעדער פון דער פּארטיי אין זייער סאָציאל־דעמאָקראטישער אגיטאציע! נישיים־זשע דארפען זיי אין די גרע־ניצען פון דער דייטשער מדינה דאָס אַלץ אריבערטראָגען צוליעב דער אינטערנאציאָנאלער סאָלידאריטעט?!"

וואָלט די יעמאָלדיגע רעדאקציע פון דער סעקסישער ארביי־טער־צייטונג באמת געווען בהבנ׳ט אין דער פּרינציפּיעלער זייט פון

דער זאַך, וואָלט זי ריכטיג פערשטאַנען דעם עצם פון אינטערנאַ־
ציאָנאַליזם, — וואָלט פאר איהר דאָ גאָר קיין שאלה ניט געווען.
די דייטשע מיטגליעדער פון דער פּאַרטיי מוזען ניט נאָר „אריבער־
טראָגען" די אגיטאַציע צוליעב פּוילישע אונאבהענגיגקייט צווישען
די פּוילישע ארבייטער־מאַסען. זיי האָבען בעדאַרפט מיט אלע מיט־
לען העלפען זייערע פּוילישע חברים אין זייער פערשפּרייטען די
אידעען פון פּוילען'ס פרייהייט, — אויב — אויב פאר די דייטשע
ארבייטער וואָלטען די ווערטער „אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַרי־
טעט", צווישען־פעלקערליכע ברידערליכקייט, געווען עפּעס מעהר
איידער „קופּערנע טרומייטען און קלינגענדע צימבלען".

די אויבענדערמאָנטע רעדאַקציע איז געגאַנגען נאָך ווייטער
אין איהר אָבלייקענען דעם פּרינציפּ פון צווישען־פעלקערליכער
ברידערליכקייט: זי האָט געקעמפּפט אַקעגען דאָס רעכט פון די
פּוילען צו האָבען אַן אייגענע ארבייטער־פּרעסע. „אין בערלין",
זאָגט זי, „איז ניטאָ ניט איין איינציגער פּוילישער ארבייטער, וואָס
זאָל ניט פערשטעהן קיין דייטש. צו וואָס דאַרף מען דאָרטען האָ־
בען א פּויליש בלעטעל, וואָס קען זיך בשום אופן ניט און אין קיין
ערך ניט פערגלייכען מיט די גרויסע דייטשע פּאַרטיי־צייטונ־
**גען?"** *)

הייסט דאָס, די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די פּראָגרע־
סיווסטע פּאַרטיי פון דעם פּוילישען פאָלק, האָט קיין רעכט ניט אָנ־
צואווענדען איהר אייגענעם לשון, כדי צוצופיהרען איהר פאָלק צו
דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, ווייל'ע אין בערלין, פערשטעהט איהר
מיך, זענען דאָ פּוילישע ארבייטער, וואָס „פּאַרליערען" דייטש!

דערפון איז געדרונגען, אז דער פון־אויבען־אויפּענדיגער אנטי־
נאַציאָנאַליזם, אויף וועלכען מען האָט א לאַנגע צייט געקוקט, ווי
אויף דעם אמת'ן צווישען־פעלקערליכען פּריציפּ, ווערט פערוואַנ־
דעלט, ווי נאָר ער געהט אריין אין די פּראַקטיקע, אין א פּשוט'ען,
היילען שאָוויניזם, מיט א גאַנץ אָפּענער תאוה צו נאַציאָנאַלער אונ־

---

*) דאָרטען גופא.

טערדריקונג. און דאָס איז ניט נאָר ביי די דייטשען אַזוי: עס איז אומעטום דיזעלבינע זאַך, וואו נאָר פּראָגרעסיווע פּאַרטייען פון אַ הערשענדען פאָלק שטרייטען אין דעם נאָמען פון דעם צווישען־פעלקערליכען פּרינציפּ אנקעגען דעם „סעפּאַראַטיזמוס“ (דאָס זיך־ווען־אָבטיילען) פון די אונטערדריקטע פעלקער. אין עסטרייך איז דער אַנטינאַציאָנאַליזם אַ לאַנגע צייט געווען אַ טרייער משרת ביי די דייטשען אין זייער קאַמפּף אנקעגען די סלאַווען; אין אונגאַרן האָט ער געהאָלפען די מאַדיאַרען פערכאַפּען אין זייערע הענד די איבער־הערשאַפט; אין גאַליציע האָט ער געפיהרט צו דעם נצחון פון די פּוילען איבער די רוטענען און די יודען; אין דייטשלאַנד האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַר דעם „נאַציאָנאַל־אינטערנאַציאָנאַלען ברען פון דעם קאָסמאָפּאָליטישען פאָלק“ אוועקצושטופּען ווייט אין מזרח־לאַנד אַלעמען, ווער עס טראָגט אויף די אַקסלען אַ „סלאַוויש־קאָזאַקישען שאַרבען“.

און דערפון איז ווידער געדרונגען, אַז די איצטיגע אייראָפּעאישע סאָציאַליסטען, וואָס האָבען אָנגעשריעבען אויף זייער פאָהן די צווישען־פעלקערליכע ברידערשאַפט, זענען נאָך גאָר ניט לאַנג ארויסגעטרעטען אין דער פּראַקטיקע ווי פּולבלוטיגע שאָוויניסטען. אין דער לעצטער צייט האָבען זיך כמעט אומעטום די געדאַנקען איבערגעביטען צו גוטען.

די בעסטע ראיה דערצו איז דער לעצטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין שטוטגאַרט, פון 1907, וואָס האָט ווידער אַריינגעטראָגען קלאָרקייט אין די סאָציאַליסטישע געדאַנקען וועגען נאַציאָנאַליזם און פּאַטערלאַנד.

געטאָן איז דאָס געוואָרען צום גרעסטען טייל אין דער קאָמיסיע וועגען אַנטי מיליטאַריזם אין די דעבאַטען וועגען ע ר ו ו ע׳ס קאָסמאָפּאָליטישער פאָדערונג, אַז די ארבייטער־קלאַסען זאָלען זיך אָבזאָגען פון זייערע פאַטערלענדער און זעהן וואָס גיכער אָבשאַפען אַלע נאַציאָנאַלע גרעניצען, סיי נאַציאָנאַלע, סיי קולטורעלע, וואָס שיידען אָב איין פאָלק פון דעם אַנדערן.

די גרעסטע און בעסטע פערטרעטער פון דעם אַלוועלטליכען

סאָציאַליזם האָבען זיך דאָרטען ארויסגעזאָגט אנקעגען ערווע און פאר דעם אמת'ען אינטערנאַציאָנאַליזם, ווי ער האָט געלעבט אין די געדאַנקען פון דעם אַלטען „אינטערנאַציאָנאַל".

מיר וועלען דאָ ברענגען מעהר נישט ווי א פּאָר וויכטיגע שטעלען, ארויסגענומען פון די רייד פון די וויכטיגסטע פיהרער פון דעם איצטיגען פראָלעטאַריאַט.

ב ע ב ע ל האָט געזאָגט: „דאָס גאַנצע קולטורעלע לעבען ענטוויקעלט זיך אויף דעם באָדען פון דער מוטערשפּראַך. טוט א קוק אויף עסטרייך, אויף דעם קאַמפּף פון די פּוילען פאר זייער נאַציאָנאַלען ווידער אויפלעבען. אויך אין רוסלאַנד וועט זיך בלי ספק אויפהויבען די נאַציאָנאַלע פראַגע.... יעדעס פאָלק, וואָס האָט אויסצושטעהן פון א פרעמדער אויבערהערשאַפט, אפילו ווען זי ברענגט איהם פיעל גוטס, הויבט זיך אויף אין זיין גאַנצער מאַסע צוליעב דעם קאַמפּף פאר פרייהייט און רוקט אָב צוריק אַלע זיינע אַנדערע ציעלען."

ט ר אָ ק ל ע פון בעלגיען האָט דורכגעפיהרט דעמזעלביגען געדאַנק, וואָס אויך ק ו י ט ס ק י האָט זיך געמיהט צו בעווייזען אין זיין בראָשורע: „פּאַטריאָטיזם און סאָציאַל-דעמאָקראַטיע", אָנגעשריעבען לכבוד דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס. דער געדאַנק איז, אז עס זענען דאָ צוויי אַרטען פון פּאַטריאָטיזם: א בורזשואַזע אַרט און א פּראָלעטאַרישע. ס'פערשטעהט זיך, אז ער, טראָקלע, שטעהט צו צו דעם פּראָלעטאַרישען פּאַטריאָטיזם.

ו ו א ל י א ן האָט אָנגעוויזען, אז „די נאַציאָנען זענען ניט נאָר ניצליכע, נאָר אויך נויטווענדיגע עלעמענטען פון דער מענשליכער ענטוויקלונג".

ז ש אָ ר ע ס האָט געזאָגט: „ערווע וויל אָבשאַפען דאָס פאַטערלאַנד, ווי דער נאָר וואָס אויפגעוואַכטער פּראָלעטאַריאַט האָט א מאָל געוואָלט אָבשאַפען די מאַשינען. מיר ווילען סאָציאַליזירען פאר דעם פּראָלעטאַריאַט דאָס פאַטערלאַנד אַזוי גוט, ווי די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, ווייל א נ א צ י א ן, — ד אָ ס א י ז א ן א ו צ ר פ ו ן מ ע נ ש ל י כ ע ן ז ש ע נ י א ו ן

פּראָגרעס, און עס וואָלט גאָר ניט גע־פּאַסט פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל צו־שלאָגען אויף פּיצלעך אָט די טייערע געפּעס פון דער מענשליכער קולטור."

פּאָללמאַר זאָגט: „ס'איז ניט אמת, אַז מיר האָבען ניט קיין פאטערלאַנד. מיר האָבען א פאטערלאַנד.... אונזער ליעבע צו דער מענשהייט קען אונז ניט שטערען צו זיין גוטע דייטשען. ווי ווייט מיר זאָלען ניט געהן אין דעם אָננעמען פון אַלגעמיינע קול־טורעלע אינטערעסען פאַר אַלע פעלקער, אַקוראַט אַזוי ווייט זאָגען מיר זיך אָב צוצושטעהן צו דעם אוטאָפּיסטישען בליק, אַז עס וואָלט כלומר'שט געווען ווינשענסווערטה, אַלע נאַציאָנען זאָלען פער־שווינדען און אויף זייער אָרט זאָל ווערען א גלייכאַרטיגער אַלפעל־קערליכער צימעס."

קאָסטאַ: „ווען אפילו מיר זענען ניט קיין פּאַטריאָטען אין דעם בורזשואַזען זין פון דעם וואָרט, זענען מיר פאָרט פּאַ־טריאָטען אין דעם בעסערען סאָציאַליסטישען זין פון דעם וואָרט: מיר קענען ניט און ווילען זיך ניט אָבזאָגען פון די פּרעכטיגע און ערהאבענע ווערטקייטען פון אונזער אייגענער היים."

בראַנטינג מיינט, מען דאַרף דאַנקען ערווע „פאַר דער געלעגענהייט, וואָס ער האָט אונז געגעבען, אַרויסצואווייזען אונזער גאַנצע אחדות בנוגע צו דעם געדאַנק, אַז נאַציאָנאַליזם און אינ־טערנאַציאָנאַליזם זענען ניט קיין היפּכים, נאָר אדרבה! זיי דער־גענצען איינער דעם אַנדערען."

וואַנדערוועלדע האָט דערנאָך פאַר'ן גאַנצען קאָנגרעס אַזוי געשילדערט דעם רעזולטאַט פון די ויכוחים מכח נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם:

„מיר זענען אַלע געווען איין הארץ און איין נשמה בנוגע צו דעם פּונקט, וואָס איז אַזוי גלענצענד בעלויכטען געוואָרען אין די רעדעס פון בעבעל און וואַליאַן און וואָס זאָגט, אַז דער ערשטער תנאי פאַר אונזער אינטערנאַציאָנאַל איז די עקזיסטענץ פון פרייע און אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציעס. דער אַרבייטער־אינטערנאַציאָנאַל

איז ניט קיין מאַסע אָהן א שום פאָרם, גרופּירונג און פאַנאַנדערגליע־דערונג. ער איז א פרייע פעראייניגונג פון לעבעדיגע אָרגאַני־זאַציעס, א בונד ניט נאָר פון זעלבסטשטענדיגע מדינות, נאָר אויך פון נ אַ צ י אָ נ ע ן, וועמען דער אינטערנאַציאָנאַל האָט צוריקגע־געבען זייער זעלבסטשטענדיגקייט, ווי, צ. ב., פּוילען.... מיר האָ־בען אָנגענומען דאָס רעכט אויף נאַציאָנאַלע פאַנאַנדערגליעדערונג עהרליכער און קאָנסעקווענטער, איידער דאָס האָט געקאָנט טאָן א וואָס'ער־עס־איז בורזשואזע פּאַרטיי. אונזער רעזאָלוציע בעפעס־טיגט נאָך א מאָל דעם פאַקט, אז מען קען האַלטען פאַר נויטיג די עקזיסטענץ פון נאַציאָנען און אין דערזעלביגער צייט ניט אָבשוואַ־כען די צווישענפעלקערליכע פערבינדונג פון די ארבייטער. דער פּועל־יוצא אָט פון דער איבערצייגונג אונזערער האָט געמוזט זיין — אָנצונעמען, אז יעדע נאַציאָן האָט א רעכט, — וואָס קיינער קען ביי איהר ניט אָבנעמען, — צו פערטיידיגען איהר אונאבהענגיגקייט אנקעגען א וועלכען ניט איז איבערפאַל פון דרויסען."

ד א ש י נ ס ק י האָט אויף דעם פאָלקסמיטינג אין קאָנשטאַדט אויסגעשפּראָכען דעם געדאַנק, אז "די אויפגאַבע פון דעם סאָציאַ־ליזם איז — עראָבערן א פאַטערלאַנד פאַר דאָס פאָלק, וואָס האָט ניט קיין היים, — א פּלאַץ, וואו עס זאָל קענען ארויסווייזען זיין מענשליכע חשיבות און זיין מענשליכע פרייד." און די טויזענדער סאָציאַליסטישע מאַסען האָבען בעגריסט דעם געדאַנק מיט א שטורמדיגען אויסגעשריי פון פרייד. *)

נאָך וויכטיגער איז די דערקלערונג, וואָס דר. עלענבויגען, דער רעפערענט פון דער קאָמיסיע וועגען עמיגראַציע און אימיגראַציע, האָט געמאַכט בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע. וויכטיגער איז זי דערפאַר, ווייל זי רעדט וועגען די אָבגעבראָכענע טיילען פון א נאַציאָן, וועלכע דער גורל פערשליידערט אין א פרעמד לאַנד צו א פרעמדען פאָלק. "די ארבייטער פון יעדער (איינגעוואַנדערטער) נאַציאָן", זאָגט ער, "דארפען ניט פערשטעהן זייער אינטערנאַציאָ־

*) זעה "סערפּ" (רוסיש), צווייטעס בוך, ז. 250—247.

נאַלע סאָלידאַריטעט אויף אַזאַ אופן, וואָס זאָל זיי צווינגען איבער־צוגעבען זיך דעם אָהן־פאַרביגען אינטערנאַציאָנאַליזם און אָבצו־זאָגען זיך פון זייער נאַציאָנאַליטעט. אדרבה! די ארבייטער פון אַלע נאַציאָנען האָבען א רעכט און א חוב זיין צוגעבונדען מיט ליעבע און התלהבות צו די קולטורעלע אוצרות פון זייער אייגע־נער נאַציאָן. זיי וועלען אַלץ מעהר און מעהר פלייסען זיך אָבצו־היטען זייערע אייגענטימליכקייטען, וואָס מעהר זיי וועלען איינזעהן, אַז דוקא מיט דעם אָבהיטען פון זייערע אייגענטימליכקייטען קענען די נאַציאָנען ברענגען דעם גרעסטען נוצען דער אַלגעמיינער קולטור." *)

דאָס זענען אַלץ ווערטער און געדאַנקען, וואָס דערמאָנען אונז דעם אַלטען אינטערנאַציאָנאַל אין זיין גאַנצער גרויסקייט און טיעפ־קייט. און פון דעסטוועגען האָבען נאָך אפילו איצטער, נאָך דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס, ניט אַלע סאָציאַליסטען זיך דערהויבען צו יענער הויך, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען די אינטערנאַציאָ־נאַלע ארבייטער־אַסאָציאַציאָן, און צו יענער קלאָרקייט, מיט וועל־כער זי האָט געקוקט אויף די פראַגען פון צווישען־פעלקערליכע ברודערשאַפט.

מיר קענען זיך דאָ ניט ארייגלאָזען אין א חקירה, ווי אַזוי איז דאָס געקומען, אַז דער גרעסטער פּרינציפּ פון צווישען־פעלקערלי־כען רעכט, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַליזם האָט ארויסגעשטעלט, האָט געקאָנט אַזוי פערטונקעלט ווערען, אַז ער האָט גענומען אויס־זעהן, ווי דער פּלאַטשיגער און אויבען־אויפענדיגער קאָסמאָפּאָ־ליטיזם.

אונזער אויפגאַבע איז — פּינקטליכער און קלאָרער אויפצודע־קען די נפקא מינה צווישען נאַציאָנאַליזם, קאָסמאָפּאָליטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם, און זעהן איינצושטעלען זיך פאַר דעם לעצ־טען פרינציפּ, בעווייזען די גערעכטיגקייט פון זיין דאָפּעלטער ראָליע: ווי א פריינד און בעשירעמער פון אַלע אונטערדריקטע

*) דאָרטען גופא, ז. 262.

פעלקער, וואָס קעמפפט פאַר זייער אַלעמענ'ס פרייהייט און זעלבסט־שטענדיגקייט פון איין זייט, און אויך ווי א דם שונא פון דעם נאַציאָנאַלען שאָוויניזם, אין וועלכע פאָרמען און אונטער וועלכע שעהן געפארבטע מאַנטלען ער זאָל ניט האַלטען פערבאָרגען זיין אמת'ען תוך.



# צווייטער קאַפּיטעל.

## פּערזענליכע אינטערעסען און קולטורעלע אידעאַלען.

### I.

די נפקא מינה צווישען נאַציאָנאַליזם, קאָסמאָפּאָליטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם קען אונז בעסער פאַר אַלץ קלאָר ווערען פון זייער פערשיעדענעם בענעמען־זיך צו די נאַציאָנאַלע אינטערעסען. עס איז דעריבער נויטיג עפּעס לייגגער אָבצושטעלען זיך און דער־קלערען, אין וואָס בעשטעהען יענע אינטערעסען. די נאַציאָנאַלע אינטערעסען זענען קודם כל געוויסע אינטערעסען פון דעם געזעל־שאַפטליכען לעבען.

רעדט מען אָבער וועגען וועלכע עס איז אינטערעסען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, מיינט מען דערביי צוויי פערשיעדענע זאַכען.

ערשטענס, מיינט מען דערביי די אינטערעסען פון געוויסע פּאַרשוינען אָדער געוויסע גרופּען. מען רעדט, למשל, וועגען די אינטערעסען פון די פאַבריקאַנטען, פון די גלחים, פון די ארביי־טער, פון דעם מלך. אָבער מיט דעם איז מען ניט יוצא ביי די „אינטערעסען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען.“ א חוץ די גע־וויסע אינטערעסען פון פּאַרשוינען און גרופּען האָט מען נאָך אויך אין זינען די אינטערעסען פון פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע פ ו נ ק צ י ע ס, פון פערשיעדענע אויפטועניסען אין דער מענשלי־כער ק ו ל ט ו ר. מען רעדט, למשל, וועגען די אינטערעסען פון דער אינדוסטריע, פון דעם האנדעל, פון דער וויסענשאַפט, פון דער פּאָליטיק. מען זאָגט אָן ערך, אז די אינטערעסען פון דער וויסענ־שאַפט פערלאַנגען, די פּאָליציי זאָל זיך ניט אריינמישען אין די אוניווערזיטעטען, און צוריק זאָגט מען, אז די אינטערעסען פון דער פּ אָ ל י ט י ק פערלאַנגען, אז זי, די פּאָליציי הייסט עס, זאָל זיך

יע אַריינמישען אין זיי. אָדער מען זאָגט, אַז די אינטערעסען פון דעם האַנדעל פערלאַנגען, עס זאָלען ניט זיין קיין אָבצאָהלונגען אויף אויסלענדערשע סחורה, אָבער די אינטערעסען פון דער אינ־דוסטריע, זאָגט מען, פערלאַנגען, אז מען זאָל ארויפלעגען וואָס גרעסערע אָבצאָהלונגען אויף אויסלענדערישע אינדוסטריע־סחורה, און אזוי ווייטער. אינדוסטריע, האַנדעל, פּאָליטיק, קונסט, רעליגיאָן א. א. וו. זענען פונקציעס פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, אויפ־טועניסען פון דער מענשליכער ק ו ל ט ו ר.

אויף דעם ערשטען בליק קען עס אויסקומען, אז די אינטערע־סען פון די געזעלשאַפטליכע פונקציעס, פון די מענשליכע קולטור־אויפטועניסען, האָבען אין זיך, אין תוך אַריין, קיין ברעקעל ממשות ניט, אויב מען זאָל קוקען אויף זיי, ווי אויף עפּעס, וואָס איז פערשיעדען פון די עמפּירישע בעדערפעניסען, אויפגאַבען און דאגות פון די איינצעלנע מענשען. עס איז ניטאָ קיין „האַנדעל", קיין „וויסענשאַפט", קיין „קונסט". אין דער אמת'ען זענען מעהר נישט דאָ איינצעלנע מענשען, וואָס האַנדלען, וואָס שטודירען און פאָרשען, כדי צו וויסען, וואָס מאָלען בילדער, שרייבען ראָמאַנען און האַקען אויס פיגורען פון מירמעלשטיין. נאָר דער מענשליכער שכל, בעטראַכטענדיג די מענשען, וואָס האַנדלען, שינדט אָב פון זיי אין געדאַנקען זייער טאָן־האַנדלען און מאַכט דערפון אַן אָבגעז־שונדערנעם („אבסטראקטען") בעגריף: „דער האַנדעל". ער נעמט די מענשען, וואָס שטודירען און פאָרשען כדי צו וויסען, און שינדט פון זיי אָב אין געדאַנקען זייער טאָן־שטודירען און פאָרשען און מאַכט דערפון אַן אָבגעשונדערנעם בעגריף: „די וויסענשאַפט". ער נעמט די מענשען, וואָס מאָלען, שרייבען שירים, שפּיעלען טעאַטער וכדומה, שינדט פון זיי אָב אין געדאַנקען זייער טאָן־מאָלען, שריי־בען און שפּיעלען, מאַכט דערפון אַן אָבגעשונדערנעם בעגריף און גיט איהם אַ נאָמען: „קונסט". „האַנדעל", „וויסענשאַפט", „פּאָ־ליטיק", „אינדוסטריע" און דעסגלייכען זענען מעהר נישט ווי נ ע מ ע ן, — לעדיגע ווערטער. אין דער אמת'ען זענען נאָר דאָ מענשען, וועלכע טוען פערשיעדענע זאכען, וואָס דער שכל שינדט

פון זיי דאָס אָב אין געדאַנקען און צולעגט דאָס אין פערשיעדענע קעסטעלעך („קאַטעגאָריען“) און קלעבט אויף זיי ארויף פערשיעדענע צעטעלעך. ער נעמט דעם מענשען, אַ גאַנצען מענשען מיט זיינע טויזענדערליי מעשים, וואָס שרייבט געצוקט אַ פיינעם „לכבוד אהובי“; וואָס בויט אַ שטוב; וואָס קויפט און פערקויפט פלאַקס און הערינג און ליין; וואָס גט זיך מיט דעם ווייב און טוט אַ פיינעם בכבוד'ען שדוך; וואָס שלעפּט דעם שכן צום רב; וואָס קויפט איין אקציע פון דעם יודישען נאַציאָנאַל־באַנק; וואָס האַלט, אַז, אַלע אפּיקורסים אויף צופּוקענעס, שטעהט די ערד און די זון דרעהט זיך; וואָס מיינט, אַז די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען אין זעקס טעג; וואָס לעגט תפילין און דאַווענט אַ פיינעם מוסף ביים עמוד; וואָס גיט אַ פיינע בעל־הבית'ישע נדבה; וואָס שטעקט אָב אַ שיינעם „שלום עליכם“ יעדען פרעמדען אורח; וואָס לערנט מיט זיין אינגעל אַ פּרק משניות, — אָט אַזאַ גאַנצען מענשען נעמט דער שכל און צושניידט אין געדאַנקען אַלע זיינע טועניסען אין איינעם מיט די טועניסען פון אַלע אַנדערע מענשען אויף פּיץ־פּיצלעך. דעם שיינעם „לכבוד אהובי“ וואַרפט ער אריין אין אַ קעסטעלע, וואָס אויף איהם שטעהט אָנגעשריעבען „העברעאיש“, און דאָס קעסטעלע מיט נאָך אַזעלכע קעסטעלעך, אויף וועלכע עס שטעהט געשריעבען: „רוסס“, „דייטש“, „פראַנצויז“, וואַרפט ער אריין אין דאָס גרעסערע קעסטעלע, וואָס האָט אויף זיך אַ צעטעלע: „די קאַטעגאָריע פון „ש פּ ר א ך א ו ן ש ר י פ ט“. דערנאָך נעמט ער זיין בויען אַ הויז און וואַרפט אַריין אין די קאַטעגאָריע: „ט ע כ נ י ק“; זיין קויפען און פערקויפען פליהט אין די „ע ק אָ נ אָ מ י ע“; זיין שדכנ'ען זיך און זיין גט'ן זיך פאַלט אריין אין דאָס קעסטעלע „פ א מ י ל י ע“ און אין איינעם מיט נאָך אַזעלכע קעסטעלעך אין די קאַטעגאָריע „ס אָ צ י א ל ע א י י נ פ י ה ר ו נ ג ע ן“. זיין דין תורה מיט דעם שכן שפּאַצירט אריין אין די קאַטעגאָריע „י ו ר י ס־פּ ר ו ד ע נ ץ“; זיין קויפען אַקציעס פון דער נאַציאָנאַל־באַנק געהט פריהער אַריין אין אַ קעסטעלע מיט דעם נאָמען „צ י ו נ י־צ י ו נ י ז ם“, וואָס ווערט אַוועקגעשטעלט לעבען דעם קעסטעלע

„טעריטאָריאַליזם"; דערנאָך פערפאַקט מען זיי ביידען אין אַ גרעסערען פעקעלע: „יודישע נאַציאָנאַלע בעוועגונג"; דאָס פעקעלע געהט אין איינעם מיט די פעקלעך „פוילישע נאַציאָנאַלע בעוועגונג" „רוטהענישע נאַציאָנאַלע בעוועגונג" א. א. וו. אין דעם פאַק: „נאַציאָנאַל־בעוועגונג בכלל", און דער גרויסער פאַק פאַלט שוין אַריין אין דער קאַטעגאָריע: „פּאָליטיק". זיין געדאַנק וועגען ערד און זון ווערט בע'חנ'ט מיט דעם נאָמען „אַסטראָנאָמיע" און ווערט א נכתב אין דער גרויסער קאַטעגאָריע: ווייסענשאַפט; אויף דעמזעלביגען אופן איז מען מקבל פנים זיין טעאָריע פון דער וועלטבעשאַפונג אין דער קאַטעגאָריע, וואָס רופט זיך פילאָזאָפיע; זיין לייגען תפילין געהט שטאָלץ אריין אין די טויערען פון רעליגיאָן; זיין שעהנער מוסף ביים עמוד ווערט אַ נכתב אין צוויי קאַטעגאָריען: איינמאָל, דורך זיין פרומקייט, געהערט ער צו דער רעליגיאָן און דאָס אַנדערע מאָל, דורך זיינע שעהנע חזנות, צו דער קונסט; זיין פיינע בעל־הבתי'שע נדבה געהערט מיט דעם גאַנצען קעסטעלע „גוטס־טאָן" אין דער קאַטעגאָריע: עטיק; זיין שלום עליכם —אין די זיטען און מנהגים; זיין לערנען א פרק משניות מיט דעם אינגעל געהערט אין דער קינדער־ערציהונג — פעדאַגאָגיק.

די עקאָנאָמיק, די יוריספּרודענץ, די רעליגיאָן א. א. וו. זענען דעריבער מעהר נישט ווי אבסטראקטע בעגריפען, אָבגעשונדען פון די איינצעלנע טועניסען פון די איינצעלנע מענשען. זיי־זענען, אמת, די העכסטע קאַטעגאָריען אָדער פונקציעס פון דעם געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען לעבען; אָבער זיי זענען דאָך מעהר נישט, ווי לעדיגע קאַטעגאָריען, אויב זיי זענען ניט אָנגעפילט מיט ווירקליכע מענשליכע טועניסען. אין זיי גופא איז ניטאָ ניט איין ברעקעל ממשות, וואָס זאָל ניט זיין גענומען פון די ווירקליכע מענשען. זיי גופא קענען דעריבער ניט האָבען קיין אייגענע אינטערעסען, וואָס זאָלען זיין פערשיעדען פון די אינטערעסען פון די איינצעלנע מענ־

שען און גרופּען, וואָס האָבען אין זינען זייערע אייגענע מאַטעריעלע אָדער רוחניות'דיגע בעדערפעניסען. עס איז דעריבער — אַזוי קען מען מיינען אין פלוג — ניט גאַנץ ריכטיג צו זאָגען „איטערעסען פון האַנדעל און אינדוסטריע", אָדער „אינטערעסען פון קינדער־ערציהונג", — קורץ: „אינטערעסען פון געזעלשאַפטליכע פונקציעס". ריכטיגער וואָלט געווען צו זאָגען: די אינטערעסען פון די, וואָס האַנדלען, וואָס פּראָדוצירען סחורות, וואָס ערציעהען קינדער.

אין פלוג איז דאָס אַזוי. אָבער אפילו שוין דער פּשוט'ער שכל פון אַ גאַנץ יאָהר מאַכט אַ גרויסען חלוק צווישען די אינטערעסען פון די טוערס און די אינטערעסען פון די זאַכען, וועלכע די טוערס דאַרפען טאָן. קיינער וועט ניט זאָגען, למשל, אַז די אינטערעסען פון דעם אַלטמאָדישען „ציקעלדיגען" חזן זענען די־זעלביגע, ווי די אינטערעסען פון די שעהנע חזנות, וועלכע ער דאַרף אַרויסגעבען. קיינער וועט אויך ניט זאָגען, אַז עס איז ניטאָ קיין חלוק צווישען די אינטערעסען פון זיכערהייט און אָרדנונג אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און די אינטערעסען פון די גובערנאַטאָרען און די פּאָליצמייסטערס, וועלכע דאַרפען אָבהיטען אָט די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג און זיכערהייט. אויך ווייס מען גאַנץ גוט, אַז אפילו די אינטערעסען פון די קינסטלער, די געלערענטע און די מלמדים זענען ניט תמיד די אייגענע, ווי די אינטערעסען פון דער קונסט, פון דער וויסענשאַפט, פון דער קינדער־ערציעהונג. עס זענען פאַראַן צייטען, ווען אפילו דיווירקליכע אייגענע אינטערעסען פון דעם מלך זענען גאַנץ פערשיעדען פון די אינטערעסען, וואָס וואַקסען אויס פון דעם אבסטראַקטען, „אָבגעשונדענעם" פּרינציפּ פון דער מאָנאַרכישער מאַכט.

מיט וועלכען רעכט מאַכט דער פּשוט'ער שכל פון אַ גאַנץ יאָהר אַזאַ גרויסען חלוק? אפנים, די געזעלשאַפטליכע פונקציעס אָדער די „זאַכען" זענען ניט נאָר בעגריפען, אָבגעשונדענע פון די טועניסען, מיט וועלכע עס פערנעמען זיך די איינצעלנע מענשען. אפנים, זיי האָבען אין זיך עפּעס מעהר, איידער די אינטערעסען פון די טוערס, עפּעס מעהר און עפּעס, וואָס איז פערשיעדען פון זייערע

אינטערעסען ; אז ניט, וואָלט מען נישט געקענט מאכען קיין נפקא מינה צווישען דער זאַך (חזנות, קינדער־ערציהונג, קונסט) און דעם טוער, חזן, מלמד, קינסטלער, וואָס דאַרף טאָן די זאכען. הפנים אין זיי מוז שטעקען אַ שטיקעלע ממשות, וואָס האָט זיינע אייגענע אינ־טערעסען. אָט דאָס שטיקעלע ממשות מוזען מיר גאַנץ קלאָר מאַ־כען, כדי מען זאָל קענען פערשטעהן דעם תוך, דעם עצם פון אַלע געזעלשאַפטליכע „זאכען", כדי מיר זאָלען קענען גוט פערשטעהן דעם עצם און דעם תוך פון דער „נאַציאָנאַלער זאַך".

איך וויל אויפ'ן שטעל ארויסזאָגען מיין מיינונג וועגען דעם, וואָס איז אין אונזערע איצטיגע מאַרקסיכטישע צייטען אַ שטיקעל אפיקורסות. מיין מיינונג איז, אז די רעאַלע ממשות, וואָס ליגט פערבאָרגען אין די געזעלשאַפטליכע „זאכען", ווי חזנות, קונסט, אינ־דוסטריע, וויסענשאַפט און וואָס קען זיין פערשיעדען פון די אינ־טערעסען פון די חזנים, קינסטלער, פאבריקאַנטען און געלערענטע, — אז די רעאַלע ממשות, זאָג איך, בעשטעהט אין די  א י ד ע־א ל ע ן  פ ו ן  ד ע ר  מ ע נ ש ל י כ ע ר  ק ו ל ט ו ר. כדי גוט צו פערשטעהן דעם געדאַנק, וועלען מיר איצטער זיך מוזען אריינ־לאָזען אַ ביסעל טיעפער אין דעם ענין פון מענשליכער קולטור. אין פלוג וועט דאָס אפשר אויסווייזען, אז מיר קריכען אראָב פון וועג און פערפאָהרען ווער ווייס ווי ווייט פון אונזער טעמא. אין אמת'ען אָבער איז דער ענין, וועגען וועלכען מיר ווילען דאָ רעדען, זעהר ענג און שטאַרק פערבונדען מיט דער שאלה, וואָס אונז אינטערעסירט, — מיט דער נאַציאָנאַלער פראגע.

II.

אַלע צווייגען פון דער קולטור, ווי, צ. ב., די עקאָנאָמיקע, די פּאָליטיקע, די רעליגיאָן א. א. וו., זענען בלי שום ספק אויסגעוואקסען פון געוויסע קולטורעלע בעדערפעניסען. די עקאָנאָמישע, פּאָלי־טישע און אַלע אנדערע טועניסען פון די מענשען, דערפאר גופא, וואָס זיי זענען מענשליכע טועניסען, האָבען גאַנץ בעשטימט אַ גע־וויסען צוועק פאר די אויגען. דער „אמת'ער סאָציאַליזם" פון משה

העסס און קאַרל גרין איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז אויף אַלע צווייגען פון דער מענשליכער קולטור דאַרף מען קוקען, ווי אויף ארויסשפּראָצונגען פון דער „געזעלשאַפטליכער פּראַקטיקע." *)

„אין אָנהויב איז געווען דאָס טאָן", און די טוענים, די אַר־בייט איז שטענדיג געווען און וועט אייביג בלייבען דער אורקוואַל, פון וואַנען עס פליסט קולטור. נאָך אַ מאָל! אַלע ארויסשפּראָ־צונגען פון דער קולטור, אַלע מינים און אופנים פון דער מענשליכער טוענים זענען ארויסגעוואַקסען פון געוויסע בעדערפעניסען און האָ־בען געוויסע ציעלען אין זינען. לאָמיר ארומנעמען אין געדאַנקען דאָס גאַנצע לעבען פון אַ פאָלק, דאָס גאַנצע בעשאַפען פון זיין גע־שיכטליכען לעבען, אַלע צווייגען פון זיין קולטור, און מיר וועלען זעהן, אַז דער העסס־מאַרקסישער געדאַנקען איז ריכטיג.

די מענשען קענען ערשט יעמאָלט אַרבייטען אין אַ געזעלשאַפט אין איינעם, ווען זיי האָבען מיטלען, ווי צו געבען פערשטעהן איי־נער דעם אַנדערן זייערע געדאַנקען און מיינונגען. די וויכטיגסטע בעדערפענים פון דער געזעלשאַפט איז — זיך קענען דורכרעדען,

---

*) דער „אמת'ער" סאָציאַליזם, ווי מען האָט איהם גערופען, צו וועלכען אויך קאַרל מאַרקס און פריעדריך ענגעלס האָבען אַ קורצע צייט געהערט, האָט געהערשט אין דייטשלאַנד, ביז דער „וויסענשאַפטליכער" סאָציאַליזם פון מאַרקס און ענגעלס איז אויפגעקומען, און ער איז געווען אַקוראַט אויף אַזוי פיעל „אמת'דיג", אויף וויפיעל דער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם אין וויסענשאַפטליך... פון דעסטוועגען זענען זיי ביידע, אי דער „אמת'ער", אי דער וויסענשאַפטליכער, רייך אין איינצעלנע געדאַנקען און ספּעציעלע חקירות, וואָס וועלען אין דער קינפטיגער צייט געוויס אַריינגענומען ווערען אין דער וויסענשאַפט פון דער מענשליכער געזעל־שאַפט. צו די ריכטיגע געדאַנקען רעכען איך אויך אַריין דעם נאָר וואָס דערמאָנטען אין טעקסט. אונטער דער ווירקונג פון דעם געדאַנקען האָט אויך קאַרל מאַרקס געשריעבען, אַז „דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען איז אין תוך אריין („וועזענטליך") פּראַקטיש".

און יענע בעדערפעניס ווערט בעפרידיגט דורך די שפּראַך און — שפּעטער — דורך די שריפט. שפּראַך און שריפט זענען דעריבער דער ערשטער וויכטיגסטער צווייג אין דער מענשליכער קולטור.

מענשען קומען זיך צונויף אין א געזעלשאפט ניט נאָר כדי צו זיין אין איינעם און כדי צו לעבען אין איינעם, נאָר אויך כדי צו ארבייטען אין איינעם. ארבייטען הייסט נעמען חפצים און זאַכען, ווי די נאַטור האָט זיי בעשאַפען, און איבערארבייטען זיי, איבערבייטען זייער געשטאַלט, לאָזען זיי דורכגעהן נאָך א מאָל דורך דעם מענשענס מוח און דורך די מענשליכע הענד. א מענש הויבט ערשט אָן ארבייטען יעמאָלט, ווען ער נעמט דעם געפונענעם שטיין און שלייפט איהם אָב, אָדער שפּאַלט איהם דורך און מאַכט פון איהם א האַק אָדער א מעסער אָדער א פייל; ווען ער נעמט די ערד, וואָס ברענגט ארויס אַלערליי גראָזען, און גראָבט זי אויף און בעזייט זי מיט קערנער, וואָס ער געפינט פאַרטיג אין דער נאַטור; ווען ער טריקענט די פאַרטיגע קערנער און מאָלט זיי אויף מעל; ווען ער שפּינט נעצען צו כאַפּען פיש; ווען ער פלעכט זיין האָר אין שיינע צעפּ; ווען ער קריצט איין שיינע פיגורען אין זיין אייגענעם לייב, — קורץ: ווען ער פערענדערט די געשטאַלט און די פאָרם פון די זאַכען, וואָס ער געפינט אין דער נאַטור, נאָך א פּלאַן און א מוסטער, אויסגעטראַכט אין געדאַנקען, אַלץ צוליעב דעם, כדי צו בעפרידיגען זיינע בעדערפעניסען. די פערשיעדענע אופנים, ווי אזוי איבערצואַנדערשען די זאַכען פון דער נאַטור אין זאַכען, וואָס טויגען דעם מענשען אין זיין לעבען, רופט מען אָן טעכניק. דער נאָמען טעכניקע שטאַמט פון דעם גריכישען וואָרט טעכנע, דער טייטש — קונסט. און „קונסט“ קומט ארויס פון דעם וואָרט „קאָננען“. ביי אונז איז פון דעם וואָרט „קונסט“ געוואָרען „קונץ“. און ווען אפילו דער עולם זאָגט, „אז מען קאָן, איז קיין „קונץ“ ניט“, — בלייבט פון דעסטוועגען ריכטיג דער שורש פון דעם וואָרט: קונץ איז אזא זאַך, וואָס מען דאַרף גוט „קאָננען“, כדי צו מאַכען זי, און וואָס ניט אַלע קענען דאָס. די טעכניקע לערנט אונז „קענען“, לערנט אונז

פּאַרטיג ווערען מיט דעם מאַטעריאַל, וועלכען די נאַטור גיט אונז, כדי צו מאַכען פון איהם אַלץ, וואָס איז נויטיג פאַר אונז אין אונ־זערע נויטען און בעדערפעניסען. די טעכניקע איז דער צ ו ו י י־ט ע ר וויכטיגער צווייג פון דער מענשליכער קולטור.

דער ד ר י ט ע ר וויכטיגער צווייג פון דער מענשליכער קולטור איז די ע ק אָ נ אָ מ י ק ע. די טעכניקע, האָבען מיר געזאָגט, לערנט אונז, וואָס מען דאַרף טאָן מיט דער נאַטור'ס זאַכען, וועלכע מינים אַרבייט מען דאַרף אַרויסברייינגען, כדי צו מאַכען פון זיי ניצליכע זאַכען פאַר דעם מענשען. די אַרבייט מוז אָבער געפיהרט ווערען מיט אַ פּלאַן, דער־הויפּט ווען עס טוען זי אַ סך מענשען אין דערזעלביגער צייט. אָט דעם „פּלאַן" בעזאָרגט די עקאָנאָמיקע. עקאָנאָמיקע שטאַמט פון די גריכישע ווערטער: „איקאָס"—אַ הויז—און „נאָמאָס"—אַ געזעץ, אַ סדר, אַ כלל. ע ק אָ נ אָ מ י ק ע איז דעריבער דער טייטש — ד י בעל־ה ב י ת' י ש ק י י ט פון דער אַרבייט. אין פערשיעדענע צייי־טען זענען ביי דעם מענשען געווען פערשיעדענע פאָרמען פון בעלי־הבית'ישקייט. געווען אַ צייט, ווען אַלע זענען געווען גלייכע בעלי־בתים אויף די זאַכען פון דער נאַטור, און אויך אויף די פּראָדוקטען, וואָס זיי פלעגען אַרויסברייינגען דורך זייער אַלעמענס בשותפות'ער אַר־בייט. דאָס איז געווען די קאָ מ ו נ י ס ט י ש ע בעל הבית'ישקייט. דער־נאָך איז געוואָרען אַ צייט, ווען די געזעלשאַפט איז צופאַלען אין איינ־צעלנע בעל־הבית'ישקייטען און די מענשען האָבען זיך פונאַנדער־געטיילט אין פרייע און פערקויפטע, אין הארען און שקלאַווען. דער פרייער האַר האָט שוין געשפּיעלט אַ גאַנץ אַנדער ראָליע אין דער בעל־הבית'ישקייט, איידער דער פערקויפטער שקלאַוו. אין אונזערע צייטען זענען שוין ווידער אַנדערע ראָליעס אין דער בעל־הבית'ישקייט. אָנשטאָט דעם פרייען פריץ פון אַ מאָל האָבען מיר דעם פרייען קאַפּיטאַליסט, און אָנשטאָט דעם שקלאַוו פון אַ מאָל האָבען מיר איצטער דעם פרייען, ניט פערקויפטען, אָבער פערדונ־גענעם אַרבייטער. דאָס איז די קאַפּיטאַליסטישע בעל־הבית'ישקייט. אין דער קינפטיגער צייט, האָפען מיר, וועט זיך די בעל־הבית'ישקייט פון דער געזעלשאַפט אין גאַנצען איבערבייטען, און זי

וועט ווערען אַ בשותפות'שע בעל־הבית'ישקייט פון אַלע מענשען אין איינעם.

קאַרל מאַרקס, וואָס האָט טיעפער פאַר אַלע געלערנטע ביז איהם פערשטאַנען דעם עיקר פון עקאָנאָמיק, וויל האָבען, אַז די בעל־הבית'ישקייט געהט נאָך נאָך דער טעכניק. וואָס פאַר אַ טעכניקע די געזעלשאַפט האָט, אַזאַ בעל־הבית'ישקייט מוז זי פיהרען. די נויט פון דער טעכניקע צווינגט די געזעלשאַפט אָבצושאַפען, למשל, די שקלאַווישע בעל־הבית'ישקייט, אָדער איינצופיהרען די קאַפּיטאַליסטישע בעל־הבית'ישקייט מיט געדונגענע אַרבייטער. דיזעלביגע נויט וועט זי צווינגען אָבצושאַפען דעם קאַפּיטאַליזם און איינצופיהרען דעם סאָציאַליזם. מיר קענען זיך דאָ ניט אַריינלאָזען אין דער זעהר וויכטיגער און אינטערעסאַנטער חקירה, אויף וויפיעל קאַרל מאַרקס האָט דאָ געטראָפען דעם אמת. ווי די מעשה איז, אמת איז געוויס, אַז די פאָרם פון דער בעל־הבית'ישקייט איז געוועזען ניט קיין הפקר־זאַך, וועלכע מענשען האָבען פון העלער הויט אַריינגעפיהרט אין לעבען אָדער פון העלער הויט איבערגעביטען אויף אַן אַנדער מין. עס איז געוויס אַ בעדערפענים פאַר דער געזעלשאַפט אַריינצוגיסען דעם פּראָצעס פון דער מענשליכער אַרבייט אין געוויסע פאָרמען פון בעל־הבית'ישקייט, און די בעדערפענים ווערט בעפרידיגט דורך די עקאָנאָמיקע אין פערשיעדענע צייטען אויף אַ פערשיעדענעם אופן.

איין געזעלשאַפט קען זיין פערשיעדען פון דער אַנדערער ניט נאָר דורך איהר שפּראַך, ניט נאָר דורך איהר טעכניק און ניט נאָר דורך איהר בעל־הבית'ישקייט, נאָר אויך דורכדעם, ווי זי טיילט פאַנאַנדער אַלע אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען. אין איין געזעלשאַפט ווערען זיי פערטיילט כמעט גלייך אונטער אַלעמען, און ס'איז ניטאָ קיין גרויסער חלוק צווישען דעם לעבען פון קיסר, צ. ב., און דעם לעבען פון אַ פּשוט'ען בשר ודם, הן אין וואָהנונג, הן אין שפּייז און קליידונג און הן אין בילדונג. אין אַנדערע געזעלשאַפטען, ווי צ. ב., ביי אונז, איז דאָס סאָציאַלע לעבען — אַ גאַנצער לייטער פון

שטאַפּלען, פערשיעדען פאַר די, וואָס געפינען זיך אויף די פערשיע־דענע טרעפּ פון דעם לייטער. דאָס בעדערפעניס פונאַדערצור־טיילען די גשמיות'דיגע און רוחניות'דיגע פּראָדוקטען פון דער גע־זעלשאַפטליכער ארבייט ווערט בעפרידיגט דורך דעם פערשיעדענעם סדר פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, דורך די פערשיעדענע סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען, בעזונדערע סאָ־ציאַלע בנינים. די משפחה, צ. ב., איז אַזאַ מין סאָציאַלע אינסטיטוציאָן; אויך איז די פאָרם פון דעם „מיין און דיין", וואָס קומט פאָר אין דער געזעלשאַפט, אַזאַ סאָציאַלער בנין. קאָמוניזם אָדער סאָציאַליזם, אָדער פּריוואַט־אייגענטום; די משפחה מיט איין מאַן און איין פרוי, אָדער מיט איין מאַן און מעהרערע פרויען, אָדער מיט איין פרוי און מעהרערע מאַנען, אָדער מיט מעהרערע מאַנען און מעהרערע פרויען, — זיינען פערשיעדענע פאָרמען פון סאָציאַלע בנינים, וואָס בעפרידיגען דעם אויבען־דערמאָנטען ציעל. פון די סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען בעשטעהט דער פערטער צווייג פון דער מענשליכער קולטור.

דער פינפטער צווייג בעשטעהט פון דער יוריספּרו־דענץ, די משפטים און דינים, יורידישע כללים, וואָס בע־גרעניצען דעם מענשענ'ס מאַכט איבער אַנדערע מענשען און זאַכען, וועלכע מאַכט האָט אַ פאָטער איבער זיינע ווייבער אָדער קינ־דער, וועלכע שטראָפען קען ער אַרויפלעגען אויף זיי און וועלכע ניט, וואָס מעג איך נעמען פון מיין שכן און וואָס ניט, וועלכע רעכט האָט יעדער איינצעלנער אין לעבען, — דאָס אַלץ געהערט צו דעם פינפטען צווייג.

דער זעקסטער צווייג איז די פּאָליטיק. איהר ציעל איז אַכטונג צו געבען אויף דעם גאַנצען סדר פון דער געזעלשאַפט, צופּאַסען אַלץ, וואָס אין איהר קומט פאָר, איינס צו דעם אַנדערן אַזוי, אַז זיי זאָלען ניט שטעהן אין וועג איינער דעם אַנדערן. די פּאָליטיק, וואָס וואַקסט אַרויס פון דער געזעלשאַפט גופא, טרעט אָבער אַרויס שטענדיג אין דער פאָרם פון דעם אויבערהאַר איבער דער גאַנצער געזעלשאַפט. זי לאָזט אַרויס די געזעצען, זי שטיצט

אונטער אָדער רייסט אַראָב די סאָציאַלע בנינים און זי טרעט ארוים אין דעם פאַל, ווען איין געזעלשאַפט האָט צו טאָן מיט דער אנדער געזעלשאַפט.

קיין געזעלשאַפט קען ניט לעבען, ווען זי האָט ניט לכל הפחות וועלכע עס איז קענטעניס און וויסענשאַפט וועגען דעם, וואָס עס קומט פאָר אין איהר און ארום איהר. דער זיעבעטער צווייג פון דער קולטור, די וויסענשאַפט, דיענט יענעם ציעל. זי לערנט אונז, וועלכע וועגען און מיטלען (מעטאָדען) מען מוז אָנווענדען, כדי ריכטיג צו פערשטעהן דעם נאַטירליכען שכל פון יעדער זאַך, סיי אין דער נאַטור, סיי אין דעם מענשען, סיי אין דער געזעלשאַפט. זי געפינט אויס, אין וואָס די טבע פון איין זאַך מוז זיין אַקוראַט אַזאַ, מיט דיזעלביגע סימנים און כחות, ווי די טבע פון אַן אַנדער זאַך, און אין וואָס די טבע פון איין זאַך מוז על פי הכרך זיין פערשיעדען פון דער אנדער זאַך'ס טבע. זי ווייזט אונז אויף, ווי אַזוי איין זאַך מוז זיין שטענדיג פערבונדען מיט אַן אַנדער זאַך און ווי אַזוי איין פאַסירונג מוז על פי הכרך ציהען נאָך זיך איין אַנדער פאַסירונג, ווי אַזוי פון איין זאַך ווערט אַן אַנדער זאַך. זי מאַכט אונז אַלץ מעהר בעקאַנט מיט דעם דרך הטבע פון דער נאַטור, פון דעם מענשען'ס נשמה און פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, כדי ארויסצוברענגען דאָס, וואָס עס איז נאָך ניטאָ אויף דער וועלט, אָבער וואָס עס דאַרף זיין, נאָך אונזער מענשליכען שכל און נאָך אונזער מענשליכען יושר, און גיט אונז אויף דעם אופן די מעגליכקייט צו ווערען דער בעל־הבית איבער דעם דרך הטבע, אויף וויפיעל אונזערע מענשליכע כחות לאָזען דאָס צו.

דער אַכטער צווייג איז די פילאָזאָפיע. דער פילאָזאָפישער געדאַנק זוכט ארוים אָדער וויל ארויסזויגען דעם תמצית פון אַלע פאַקטען פון דער נאַטור, דער געזעלשאַפט און דעם מענשליכען „איך“, — דעם תמצית פון אַלץ, וואָס עס איז דאָ, און פון אַלץ, וואָס עס דאַרף זיין על פי שכל און על פי יושר, און מאַלט אונז אויס אַ וועלט־בילד און אַ לעבענס־חכמה,

אויסגעבונדען אין איינעם צו איין איינציגען, האַרמאָנישען סיסטעם, אין וועלכען אַלע טיילען זיינען, ווי וואָרצלען, צווייגען, בלעטער, בלומען און פירות פון איין גנעוויקס.

דער נ י י נ ט ע ר צוויינ, ד י ר ע ל י ג י אָ ן, — ווי פערשיעדען עס זאָלען ניט זיין די פאָרמען, אין וועלכע זי טרעט אַרויס, האָט זי שטענדיג געהאַט אין זינען צו לערנען יעדען איינצעלנעם מענשען, ווי ער זאָל זיך בענעהן מיט יענעם לעצטען גרונד פון דער וועלט און פון זיין אייגענעם לעבען, פון וועלכען עס העננט אָב זיין גליק און אומגליק, זיין יעדער שריט אין דעם קאַמפּף פאַר זיין עקזיסטענץ. זי האָט געלערנט, וואָס איז אַזוינס דער לעצטער גרונד פון דער וועלט — די גאָטהייט. און וואָס דער מענש דאַרף טאָן, כדי צו לעבען אַזוי, אַז זיין לעבען זאָל זיין פערבונדען מיט דעם לעבען און דעם ווילען פון דער גאָטהייט.

דער צ ע ה נ ט ע ר צווייג, ד י ק ו נ ס ט, וויל בעפריעדיגען די מענשליכע בעדערפענים, וואָס ער האָט, צו געניסען שענהייט אין האַרמאָנישע אָדער סימעטרישע קלאַנגען, ליניען, בילדער, קערפּער און פאַרבען.

דער ע ל פ ט ע ר צווייג, ד י ז י ט ל י כ ק י י ט, וויל פערווירקליכען דעם אידעאַל פון מענשליכע חשיבות, פון אַ שענעם בכבוד׳יגען מענשליכען לעבען אין די געדאַנקען, די געפיהלען און דעם רצון, וואָס דער מענש האָט, און אויך אין אַלע מעשים, וואָס ער טוט. עס פערשטעהט זיך, אַז מענשען, וואָס שטעהען אויף אַ פערשיעדענער מדרגה פון בילדונג און ענטוויקלונג האָבען אַ פערשיעדענעם אידעאַל פון אַ חשוב׳ען, בכבוד׳ען מענשליכען לעבען; אבער אפילו די נידריגסטע מענשען און פעלקער קענען ניט לעבען אָהן אַזאַ אידעאַל. עס זיינען פאַראַן דענקער, וואָס מיינען, אַז אין דער ערשטער צייט פון דער מענשליכער ענטוויקלונג איז נאָך קיין זכר ניט געווען פון אַ זיטליכען אידעאַל און אַז דער געדאַנק פון אַ בכבוד׳ען לעבען, פון מענשליכער חשיבות איז אויסגעוואַקסען ערשט שפּעטער מיט דעם אָנוואַקסען פון בילדונג און ציוויליזאַציע, ווען די געפיהלען פון דעם מענשען האָבען

גענומען ווערען פיינער. אַ ראיה דערצו ברענגט מען אָפּט פון דעם בושמען, (אַ שבט, וואָס שטעהט אויף דער ניד־ריגסטער קולטור־מדרגה), וואָס האָט אויף דער שאלה, — וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, — געענטפערט: „שלעכט איז — ווען מען גנב'עט ביי מיר מיין ווייב, און גוט איז — ווען איך גנב'ע ביי דעם אַנדערן זיין ווייב.“ מען האָט אָבער דעם ענטפער פון דעם בושמען שלעכט אויסגעטייטשט. אויב ער האָט ריכטיג פערשטאַנען, וואָס מען האָט איהם געפרעגט, האָט ער מיט זיין ענטפער געוואָלט זאָגען, אַז דאָס אידעאַל פון אַ בכבוד'ען, חשוב'ען מענשליכען לעבען בע־שטעהט אין דעם, אָבצוהיטען זיין ווייב און מקריב זיין זיך צוליעב דעם אָבהיטען זי; און פון דער אַנדער זייט — זיין אַזאַ גבור און האָבען אַזוי פיעל מוטה, אַז מען זאָל קענען קעמפּפען אַנקעגען דעם אַנדערן און אָבנעמען ביי איהם זיין ווייב, ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, האָבען אַן אידעאַל, פאַר וועלכען מען זאָל ברענגען אָפּפער, נאָך וועלכען מען זאָל לעבען, ווען אפילו זיין פערווירקליכונג איז פערבונדען מיט דאגות, צרות און יסורים. אויב דער בושמען וואָלט דערלאָזען אַן אַנדערען ביי איהם גנב'ענען זיין ווייב, אָדער אויב ער וואָלט געפיהלט, אַז ער האָט ניט אַזוי פיעל מוטה אין הארצען, צו לאָזען זיך אויף דעם געפעהרליכען וועג פון גנב'ענען אַ פרעמדענ'ס ווייב, וואָלט ער זיך גערעכענט פאַר אַ שפּל'ען מענשען, וואָלט ער זיך געשעמט פאַר זיך אַליין, פאַרוואָס ער זעהט ניט מיט אַלע כחות צו פערווירקליכען אין זיינע געפיהלען און זיינע מעשים דעם אידעאַל פון מענשליכע חשיבות, וואָס דאַרף אין זיינע אויגען זיין היילִיג און טייער.

נאָך אַ צווייג פון קולטור, דער צוועלפטער, בעשטעהט אין דעם אריינפיהרען אין לעבען פון זיטען און מנהגים. כמעט יעדעס פאָלק און יעדע געזעלשאַפט האָט איהרע מנהגים און זיטען, וועלכע זיי היטען אָב. זיי קענען ניט ליידען, ווען די איינצעלנע מענשען, סיי איינענע, סיי פרעמדע, טרעטען זיי אריבער. דער מקור פון זיטען און מנהגים ליגט דאָס רוב אין די

אויבען־אויסגערעכענטע צווייגען פון דער קולטור, און דעריבער זענען זייערע ציעלען ארויסגעוואקסען פון די ציעלען, וואָס האָבען ארויסגעבראכט יענע קולטור־צווייגען. אבער א חוץ דעם האָבען די זיטען און מנהגים נאָך אַן אייגענעם מקור מיט אַן אייגענעם ציעל: זיי ווילען אריינברענגען אין געוויסע פאָרמען דאָס אַל־טעגליכע בעגעהן זיך פון מענש צו מענש, דאָס אַלטעגליכע לעבען אין דער געזעלשאפט בעגריסען זיך, זעגנען זיך, ווינשעווען איינער דעם אנדערן אַל'דאָס גוטס, גוט יום טוב ביטען, א. ז. וו., א. ז. וו.— דאָס וויל דער צווייג פון קולטור, וואָס מיר רופען זיטען און מנהגים, אריינגיסען אין בעשטימטע פאָרמען פון צערעמאָניעס, וואָס זענען פערשידען פון פאָלק צו פאָלק, פון לאַנד צו לאַנד, פון דור צו דור.

דער דרייצעהנטער צווייג, די פעדאגאָגישע ארבייט, קינדער־ערציהונג, די אויפקלערונג פון דעם יונגען דור, איז איינע פון די וויכטיגסטע קולטור־צווייגען. זי האָט אין זינען, ווייטער, איבערצוגעבען דעם יונגען דור אַלע קענטעניסען און השלמות, וואָס זענען אויסגעארבייט געוואָרען פון די עלטערע דורות און איבערגעבען בירושה צו דעם איצטיגען דור. זי וויל מדריך זיין די יוגענד אין אַלע טראַדיציעס פון דער קולטור.

דער לעצטער, פערצעהנטער, צווייג פון דער קולטור איז דאָס היסטאָרישע לעבען. דער צווייג האָט ניט קיין אייגענע אויפגאַבע. ער בעשעפטיגט זיך מיט אַלע צווייגען פון דער קולטור און וויל אריינברענגען שנוים און פערבעסערונגען, סיי אין די פרטים, סיי אין דעם גאַנצען שטייגער פון דעם מענשליכען קולטורעלען לעבען און אין אַלע ארטען פון זיין קולטורעלען שאפען.

עס איז ניט דאָ דער אָרט אריינצולאָזען זיך אין דער טעאָרעטי־שער חקירה, ווי אזוי די אַלע צווייגען און פעלדער פון דער מענש־ליכער קולטור ווערען מיט דער צייט זעלבסטשטענדיגע פאקטאָרען פון דעם מענשליכען פראָגרעס. ניט דאָ קענען מיר אויספאָרשען וואָס פאר א ראָליע זיי שפּיעלען אין דער געשיכטע פון דער מענש־הייט, נאָך וואָס'ערע געזעצען עס קומט פאָר זייער ווירקען איינס

אויף דאָס אַנדערע, און ווי אַזוי עס וואַקסט אַרויס פון זייער צוזאַמענווירקען דער וועג פון דעם שטענדיגען, פון קיין זאַך ניט איבערגעריסענעם מענשליכען פאָרטשריט. מיט דער פערענטפערונג פון די אַלע שאלות דאַרף זיך בעשעפטיגען די פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע. פאַר אונזער ספּעציעלען צוועק איז זעהר וויכטיג צו בעמערקען, אַז אַט די אַלע הויפּטקאַטעגאָריען פון דעם קולטורעלען לעבען, — שפּראַך און שריפט, טעכניק, עקאָנאָמיע, סאָציאַלע אינסטיטוציעס, רעכט, פּאָליטיק, וויסענשאַפט, פילאָזאָפיע, רעליגיאָן, קונסט, זיטליכקייט, זיטען און מנהגים, קינדערערציהונג און דאָס היסטאָרישע לעבען, — זענען מעהר נישט ווי פערשיעדענע ענטפערס, מיט וועלכע די מענשהייט פערענטפערט אין פערשיעדענע צייטען די פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיין מענשליכער קולטור.

צו יעדער צייט און אויף יעדען פעלד פון דער קולטור קען דער מענש געפינען אַ סך ענטפערס אויף דיזעלבע קולטור־שאלה; אָבער ניט אַלע ענטפערס זענען גלייך גוט, געהן גלייך צום ציעל. אונטער די געגעבענע אומשטענדען איז נאָר איין ענטפער דער בעסטער, דער פּאַסיגסטער פאַר די ציעלען, וואָס ליגען אויף דעם גרונד פון דעם פּראָבלעם. אָט דער בעסטער ענטפער איז דער אידעאַל פאַר דעם בעשטימטען פעלד פון דער קולטור צו דער בעשטימטער צייט. אַ ביישפּיעל. פאַר די ציעלען פון דער טעכניק איז די שקלאַפעריי אין אַ בעשטימטער צייט געוועזען דער בעסטער ענטפער אויף דער שאלה, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירען די מענשליכע אַרבייט, אַז פון איהר זאָל מען קענען אַרויסברענגען וואָס מעהר חפצים און גיטער. די שקלאַפעריי האָט געמוזט דעריבער זיין צו אַ געוויסער צייט דאָס עקאָנאָמישע אידעאַל פונ'ם געזעלשאַפטליכען לעבען. עס איז דעריבער אַ טעות פון די, וואָס מיינען אַז אידעאַלען פאַלען אַראָב פון הימעל ווי פאַרטיגע, אייביג ליכטיגע, אונפערענדערליכע שטערען. די אידעאַלען בייטען זיך און מוזען זיך בייטען מיט דעם לעבען פון דער געזעלשאַפט גופא.

פון דער אַנדער זייט, איז אויך אַ טעות פון די, וואָס גלויבען, אַז עס קען זיין אַ געזעלשאַפטליך לעבען אָהן אידעאַלען. ווי נאָר איהר גיט צו, אַז אויף אַ בעשטימטער קולטורעלער שאלה קענען געגעבען ווערען אין אַ געוויסער צייט אַ סך ענטפערס מיט אַ מאָל; ווי נאָר איהר גיט צו, אַז פון די אַלע ענטפערס מוז צו יעדער געגעבענער צייט נאָר איין ענטפער זיין דער בעסטער, — מוזט איהר צוגעבען, אַז אויף אַלע פעלדער פון דער קולטור און צו אַלע צייטען מוזען צווישען די גראָזען און די דערנער פון דער קולטור אויך וואַקסען די בלומען פון דעם אידעאַל.

אָט נאָך דער לאַנגער הקדמה וועגען די צווייגען פון דער קולטור און וועגען די אידעאַלען, וואָס וואַקסען אויף זיי, וועט אונז קלאָר ווערען וואָס מיר מיינען מיט די ווערטער: „די אינטערעסען פון געזעלשאַפטליכע פונקציעס", וואָס זענען פערשיעדען פון די אינטערעסען פון יענע מענשען, וועלכע פערווירקליכען זיי אין לעבען. די אינטערעסען פון די געזעלשאַפטליכע פונקציעס — דאָס זענען די אינטערעסען פון די אידעאַלען.

לאָמיר אָננעהמען אין געדאַנקען אַ פאַל, וואָס איז אונמעגליך: אַז די בעדערפעניסען, וואָס האָבען אַרויסגעבראַכט אַלע אַרטען און פעלדער פון דער מענשליכער קולטור, האָבען זיך אָבגעשטעלט אין זייער ענטוויקלונג, אַזוי אַז ניט עס פערגרעסערט זיך זייער צאָהל, און ניט עס בייט זיך איבער זייער מהות. לאָמיר ווייטער אָננעמען, אַז די פערענטפערונג פון די קולטורעלע פּראָבלעמען און דער אריינפיהר פון די ענטפערס אין לעבען איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרען צווישען בעשטימטע געזעלשאַפטליכע גרופּען: די רעליגיאָן אָוועקגעגעבען צו די כהנים, די פּראָדוקציאָן — צו די קאַפּיטאַליסטען, און אַזוי ווייטער, און אַז אָט די געזעלשאַפטליכע ענטפערס געהען איבער בירושה פון פאָטער צום זוהן. אויך לאָמיר אָננעמען, אַז עס איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָבגעמאַכט געוואָרען, נאָך וועלכען מאָס מען זאָל פאַנאַנדערטיילען אַלע געזעלשאַפטליכע גיטער, סיי די

מאַטעריעלע, סיי די גייסטיגע, וואָס ווערען אויסגעאַרבייט דורך דעם, וואָס די געזעלשאַפט פערענטפערט אַלע איהרע שאלות אויף אַלע וועגען פון דער קולטור. יעמאָלט קענען מיר זיך פאָרשטעלען אַזאַ פאַל, ווען די מענשהייט זאָל האָבען דערגרייכט איהר העכסטע אידעאַלע שטופע, ד. ה. אַזאַ מדרגה אין געזעלשאַפטליכען לעבען, ווען די עמפּירישע אינטערעסען פון די איינצעלנע פערזאָנען װעלען זיך ניט פאַנאַנדערגעהן מיט די אינטערעסען פון די געזעלשאַפט־ליכע פונקציעס, ד. ה. מיט די בעסטע ענטפערס אויף די קולטורעלע פּראָבלעמען, — ענטפערס, וואָס ווערען דיקטירט פונ׳ם אידעאַל,— וואָס וואַקסט אַרויס אויף יעדען בעזונדערען צווייג פון דער קולטור.

צום אונגליק אָדער צום גליק, קען מען גאָר ניט טרוימען פון אַזאַ „אידעאַלער מדרגה" פאר דער מענשליכער געזעלשאַפט. די בעדערפעניסען פון דעם מענשען האַלטען אין איין שטענדיגען בייטען זיך, און נייע בעדערפעניסען רופען אַרויס דעם חשק אַנדערס צו פערענטפערן די קולטורעלע פּראָבלע־מען. געפינט מען אַ נייעם, אַ בעסערען ענטפער אויף וועלכע עס איז קולטורעלע פראַגע און פיהרט מען איהם אַריין אין לעבען, צורודערט ער דעם גאַנצען אָרגאַניזם פון דער קולטור, רופט ער אַרויס אַ נייע אויפרעגונג אין אַלע צווייגען פון דעם געזעל־שאַפטליכען לעבען, ווייל זיי אַלע זענען פערבונדען איינע מיט די אַנדערע און העגנען אָב איינע פון די אַנדערע. די נייע אויפ־רעגונג רופט אַרויס אין לעבען נייע פראַגען און פּראָבלעמען ; נייע פראַגען און פּראָבלעמען רופען אַרויס דעם חשק צו זוכען נייע ענטפערס, און די נייע ענטפערס טראָגען אַריין ווידער נייע לעבענס־זאַפט אין דעם אָרגאַניזם פון דער קולטור, רופען אַרויס נייע אונ־צופרידענהייט, נייע שאלות, ווידער נייע ענטפערס און לאָזען דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט זיך ניט אָבשטעלען, ניט פערגליווערט ווערען אויף אַ לענגערע צייט. אַלץ ווייטער און ווייטער דרעהט זיך די ראָד, אָהן אויפהער אַרבייט דאָס „פּערפּעטואום מאָבילע" פון דער מענשליכער געשיכטע.

דאָס אויסגעפינען פון דעם ריכטיגסטען וועג, אויף וועלכען

מען קען קומען צו דעם בעסטען ענטפער אויף א קולטורעלע שאלה, איז קודם כל א רעזולטאט פון דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט, ד. ה., סוף כל סוף, א פועל יוצא פון דעם גאנצען געזעלשאפטליכען פּראָצעס. דער נייער בעסערער ענטפער ווערט דאָס רוב פערטראָטען פון גאנץ נייע גרופּען און מענשען, איידער די, וואָס האָבען אָבגעהיט דעם אַלטען ארט פון לעבען. אָט די נייע גרופּען און מענשען טרעטען ארויס אין א קריג אנקעגען די פּריווילעגיעס פון די אַלטע, וועמען עס לוינט אָבצוהיטען די אויסגעלעבטע קולטור. וואָס מעהר די מענשהייט ענטוויקעלט זיך, אַלץ אין מעהר צווייגען פון דער קולטור בעווייזען זיך נייע ענטפערס און נייע גרופּען, וועמען די נייע ענטפערס לוינען זיך בעסער, איידער די אַלטע. אויף אזא אופן וואקסט אויס אַן אָבגרונד צווישען די אינטערעסען פון די געזעלשאפטליכע פונקציעס, ד. ה. מיט אנדערע ווערטער, צווישען די אינטערעסען פון מענשען און גרופּען, וואָס שטעהען פאר די אידעאַלען, און די אינטערעסען פון יענע גרופּען און מענשען, וואָס האַלטען זיך פאר די אַלטע אופנים, ווי צו פערענטפערן די שאלות פון דעם לעבען. זעהר זעלטען קען זיך טרעפען, אז די אינטערעסען פון דעם אידעאַל זאָלען צונויפ־פאַלען אין איינעם מיט די אינטערעסען פון די, וואָס שפּיעלען די הויפּט־ראָליע אין דער אַלטער קולטור.

כדי צו דערקלערען באריכות די אַלע געדאנקען, דארף מען אָנשרייבען א בעזונדערע געשיכטס־פילאָזאָפישע שריפט. אבער אפילו דאָס ווייניגע, וואָס מיר האָבען געגעבען, איז גענוג צו פערשטעהן, וואָס מיר מיינען אייגענטליך, ווען מיר רעדען וועגען אידעאַלען פון דער מענשליכער קולטור און אין וואָס פאר א שיכות עס שטעהן אָט די אידעאַלען צו די אינטערעסען פון די געזעל־שאפטליכע פונקציעס פון איין זייט, און צו די אינטערעסען פון די איינצעלנע גרופּען און מענשען פון דער אנדער זייט.

III.

עס קען זיין, אז אויף קיין פעלד פון דער קולטור טרעט ניט אַרויס אַזוי קלאָר די נאָר וואָס דערמאָנטע שיכות צווישען אידעאַלען

און אינטערעסען, ווי אויף די פעלדער פון אינדוסטריעלער טעכניק און נאַטור־וויסענשאַפט. לאָמיר, צ. ב., פערגלייכען די אינטערעסען פון דער וויסענשאַפטליכער אונטערזוכונג, ווי זיי האָט פערשטאַנען אַ גאַלילעי אָדער אַ בעקאָן, מיט די אינטערעסען פון די סכאָלאַסטי־שע געלערנטע, וואָס האָבען געהערשט אין יענער צייט. אָדער לאָמיר פערגלייכען די אינטערעסען פון דער אינדוסטריע, פאַר וועלכער עס האָבען זיך איינגעשטעלט די ערשטע גרויסע פאַבריקאַנ־טען, מיט די אינטערעסען פון די קליינע און מיטלערע בעלי־מלאכות, — און עס וועט אונז ניט זיין שווער אַרויסצוגעפינען, אַז דער אמת'ער מהות פון דער וויסענשאַפט איז געווען בעסער און שאַרפער אויסגעדריקט ביי גאַלילעי און בעקאָן, איידער ביי די תלמידי חכמים פון זייער צייט, און אַז דער מהות פון אינדוסטריע איז רייכער אַרויסגעקומען אין די טעכנישע אַפּאַראַטען און פּראָ־צעסען פון דער גרויסער פאַבריק, איידער אין די וואַרשטאַטען פון דעם קליינינקען צעך־בעל־מלאכה.

אבער אויב איך האָב ניט קיין טעות, זענען טעכניק און וויסענשאַפט אפשר די איינציגע צווייגען פון דער קולטור, אין וועלכע עס טרעט אַזוי בולט אַרויס די אונז אינטערעסירענדע שיכות. דאָס שטאַמט דערפון, וואָס אויף קיין פעלד פון דער מענשליכער קולטור זענען די אידעאַלען פון דער מענשהייט ניט אַזוי קלאָר און דייטליך, ווי דוקא אויף די פעלדער פון פּינקטליכען וויסען און אינדוסטריעלער טעכניק. מיט אַלע אַנדערע צווייגען פון דער קולטור איז שוין אַ גאַנץ אַנדער מעשה. אין וואָס אַן ערך —לאָמיר אַ פרעג טאָן— בעשטעהט דער קלאָרער און דייטליכער אידעאַל פון די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, פון פּאָליטיק, רעליגיאָן, פילאָזאָפיע? מיט אַנדערע ווערטער, אין וואָס בעשטעהט דער בעסטער תירוץ אויף די סאָציאַלע, פּאָליטישע און רעליגיעזע שאלות? מען קען ניט פערענטפערן אָט די אַלע פראַגען מיט דער־זעלבער פּינקטליכקייט, וואָס מיר געפינען אין דער וויסענשאַפט און אין דער טעכניק. דעריבער זעהן מיר טאַקי, אַז די סאָציאַלע, פּאָליטישע, רעליגיעזע און פילאָזאָפישע אידעאַלען זענען זעהר

פערשיעדען, און זייער פערשיעדענקייט ווענדט זיך אין דעם, וואָס פאַר אַ גרופּע מענשען און פון וואָס פאַר אַ שטאַנדפּונקט זי טרעט צו צו פערענטפערן די שאלות.

פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ פּירוד הדעות ביי דער מענשהייט אין די העכערע צווייגען פון דער קולטור? דאָס קען ניט זיין די דאגה פון אונזער היינטיגער ארבייט פּאַנאַנדערצוקלייבען און אויסצו־געפינען די טויזענדער פערוויקעלטע טעמים, וואָס ברענגען צו אַזאַ פּירוד הדעות. דאָ איז גענוג פּשוט אָנצואווייזען אויף דעם פאַקט, וואָס יעדער זעהט מיט זיינע אויגען, אַז די מענשהייט האָט נאָך ניט אויסגעאַרבייט איין אונפעהלבאַרע פילאָזאָפיע, נאָר אַ גאַנצען סכום פון פילאָזאָפישע סיסטעמען; עס איז נאָך ניטאָ איין איינציגע קונסט, נאָר אַ סך קינסטלערישע שולען, און אויך אין דעם סאָציאַלען לעבען און אין די סאָציאַלע אידעאַלען ראַנגלען זיך פערשיעדענע ריכטונגען איינע מיט דער אַנדערער. אָט די אַלע סיסטעמען, שולען און ריכטונגען זענען פערשיעדענע אַרטען, בעזונדערע אופנים ווי צו פערענטפערן די פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיין מענשליכער קולטור. עס פערשטעהט זיך, אַז די פער־טהיידיגונג פון די אינטערעסען, וועלכע ליגען אין די פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע פונקציעס, ווערט דעריבער פערוואַנדעלט אין די פערטיידיגונג פון יענע בעשטימטע אופנים, ווי אַזוי צו פער־ענטפערן די קולטורעלע פּראָבלעמען. אידעאַליזם און מאַטעריאַ־ליזם, צ. ב., זענען פערשיעדענע אופנים, ווי צו פערענטפערן די גרונד־שאלה פון דער פילאָזאָפיע. מאָנאַרכיזם, דעספּאָטיזם און אַ רעפּובליק זענען פערשיעדענע אופנים ווי צו פערענטפערן די גרונד־שאלה פון פּאָליטישען לעבען א. ז. וו.

אויף אַזאַ אופן פאַלט פאַנאַנדער יעדעס קולטור־פעלד אין פערשיעדענע ריכטונגען, וואָס האָבען פון זייער זייט זייערע אייגענע לעבענס־פּרינציפּען, זייערע אייגענע אינטערעסען און אידעאַלען. נאָר אויך אין דעם פאַל איז נאָך גאָר ניט געזאָגט, אַז די אינטערעסען פון אַ בעשטימטען געזעלשאַפטליכען פּרינציפּ און די אינטערעסען פון יענע מענשען, וואָס פערווירקליכען איהם אין לעבען און היטען

איהם אָב, זאָלען שטענדיג זיין איינס. לאָמיר נעמען, צ. ב., דעם פּאָליטישען פּרינציפּ פון דעספּאָטיזם. איבער דער גאַנצער געזעלשאַפט הערשט איין איינציגער מענש, און ער געוועלטיגט איבער דעם לאַנד ניט דורך געזעצען און דינים, וואָס יעדער איז מחויב אָבצוהיטען, נאָר דורך בעפעהלען און אוקאַזען, וואָס ער גיט אַרויס, ווען ער וויל, און וואָס ער בייט אָב, ווען איהם פערגלוסט זיך.

ווענען איינינע פיהרער פון דעם שבט ניאַם־ניאַם דערצעהלט אונז דער אַפריקאַ־רייזענדער געאָרג שווייַנפורט, אַז אַן אַנדערס מאָל מאַכען זיי זיך בכיון פאַר משוגע, כדי אין מיטען דערינען, ווען עס כאַפּט זיי אָן דער שגיון, אַרויסצורייסען פון זייער סוויטע לגמרי אונשולדיגע מענשען און אויפ'ן אָרט צו טויטען זיי מיט זייער מעסער. אויף אַזאַ אופן ווילען זיי איינפּלאַנצען אין זייער פאָלק דעם פעסטען גלויבען, אַז זיי האָבען דאָס רעכט אויף דעם לעבען און טוידט פון יעדען איינצעלנעם און די מאַכט צו טאָן שטענדיג זייער ניט בעגרעניצטען ווילען. *) קיינער וועט געוויס ניט לייקענען, אַז דער פּרינציפּ פון דעספּאָטיזם האָט ערגעץ ניט אַזוי קלאָר אויסגעדריקט זיין מהות, ווי אין יענעם „סימבאָלישען" אַקט פון דעם ניאַם־ניאַם'ישען פירסט. אבער פון דער אַנדער זייט וועט אויך קיינער ניט אָבלייקענען, אַז די דעספּאָטישע הערשער פון פעלקער, וואָס שטעהען שוין אויף אַ ביסעל אַ העכערער מדרגה פון ענטוויקלונג, וועלען, דאַכט זיך, קיין מאָל ניט פּרואווען אויף אַזאַ אופן צונויפצוגיסען די אינטערעסען פון זייער פּערזאָן מיט די אינטערעסען פון דעם דעספּאָטישען פּרינציפּ, וועלכען זיי דאַרפען נאָך זייער לאַגע נאָך אָבהיטען. וואָס העכער אַ פאָלק שטעהט אויף דער שטאַפּעל פון קולטור, אַלץ עפטער קומט אויס דעם דעספּאָט ווערען אונטריי צו זיין הייליגער זאַך, כדי אָבצוהיטען זיין הייליגע פּערזאָן. כמעט אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכען זיינען בטבע געווען דעספּאָטען, זיי האָבען אָבער געמוזט אָבזאָגען

*) Dr. Georg Schweinfurth. Im herzen von Afrika, Leipzig, 1878, S. 238-239.

זיך פון זייער פּרינציפּ, אָבלייקענען די אינטערעסען פון זייער אידעאַל, כדי ניט צו פערפאַלען ווערען אינאיינעם מיט איהם.

דער קאַמפּף פון געזעלשאַפטליכע גרופּען און מענשען, וואָס האָבען צו פערטרעטען פערשיעדענע פּרינציפּען און אידעאַלען, צווינגט זיי אָפט מאַכען צווישען זיך אַ פּשרה, אָבטרעטען פון דעם גאַנץ ריינעם, ניט בעפלעקטען פּרינציפּ, כדי ניט פערפאַלען צו ווערען אין איינעם מיט איהם, אויב זיי זעהן, אז דאָס לעבען און דער קאַמפּף ווילען מאַכען פון איהם א תל. דאָס איז איינע פון די אורזאַכען, פאַר וואָס עס געהן זיך אָפט פאַנאַנדער די אינטערעסען פון די געזעלשאַפטליכע פונקציעס אָדער ריכטונגען און די אינטערעסען פון יענע מענשען, וואָס זענען זייערע טרעגער. פון דעסטוועגען הערען די פּרינציפּען ניט אויף ארויסצואווייזען זייער ווירקונג. זיי לעבען אינוועניג אין דער פאָרם פון טענדענצען, פון אידעאַלען. וואָס וואַרטען מעהר נישט אָב אויף א בעסערע צייט, כדי אריינצורייסען זיך אין לעבען און דורכצוזעצען אין איהם זייער ווילען. די אידעאַלען און די טענדענצען זענען די אויבערהאַרען אויף דער נשמה פון די גרופּען און מענשען, וועלכע האָבען זיי איינגעשלאָסען אין זייערע הערצער.

איך מיין, אז אויף דעם גרונד פון אַלץ, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, מעג מען, דאַכט זיך, מיינען, אז די אינטערעסען פון די געזעלשאַפטליכע פונקציעס, ווען מען שיידט זיי אָב פון די מענשען און די גרופּען, זענען ניט קיין אָבגעשונדענע, אבסטראַקטע השגות, וואָס האָבען כלומר'שט מעהר נישט ווי א רוחניות'דיגע עקזיסטענץ. אין דער אמת'ן זענען זיי פאַקטישע, רעאַלע טענדענצען, היסטאָרישע כחות, וואָס האָבען א גרעסערען אָדער א קלענערען אימפּעט, א גרעסערע אָדער א קלענערע ווירקונג. דערפון איז געדרונגען, אז כדי אויסצופאָרשען און אויסצוגעפינען די אינטערעסען פון א וואָס'ערען עס איז געזעלשאַפטליכען פּרינציפּ, איז בשום אופן ניט געגוג אָבצושטעלען זיך מעהר ניט, ווי אויף די מעשים און געדאַנקען פון יענע געזעלשאַפטליכע גרופּען, וואָס האָבען אָנגעשריעבען אויף זייער פאָהן יענעם געזעלשאַפטליכען פּרינציפּ

און וואָס קעמפפען אונטער דער פאָהן פאר זייערע טאָג־טעגליכע אינטערעסען. געווים מוז מען גוט צוקוקען זיך און גוט אויס־שטודירען אָט די אַלע טאָג־טעגליכע פאַקטען; אבער דערצו איז א חוץ דעם נויטיג צו פארנאַנדערגלידערן זיי אין געדאַנקען, כדי ארויסצוגעפינען דעם אידעאַל פון פרינציפּ, וואָס ליגט פערבאָרגען אין די טאָג־טעגליכע פאקטען; דעם אידעאַל פון פרינציפּ, וואָס שטאַמט פון זיין מהות גופא. זעהר ריכטיג בעמערקט קאַרל מאַרקס, ווען ער זאָגט, אז „כדי צו אַנאַליזירען די עקאָנאָמישע פאָרמען, קענען אונז ניט העלפען ניט דער מיקראָסקאָפּ, ניט די כעמישע רעאקטיוו־מיטלען. די קראַפט פון דעם אב־סטראַקטען דענקען דאַרף פערנעהמען דעם פּלאַץ פון זיי ביידען“. *) דאָס אייגענע איז אויך מיט דעם אַנאַליז פון אַלע אַנדערע געזעלשאַפטליכע פונקציעס און שאלות. די נאַציאָנאַלי־טעטען פראַגע קען ניט זיין קיין יוצא מן הכלל. ווילען מיר פער־שטעהן די נאַציאָנאַלע אינטערעסען, איז ניט גענוג בעקענט צו ווערען מיט די נאַציאָנאַלע בעוועגונגען און פאָדערונגען, ווייל ניט אַלע פון זיי שפּיגלען אָב ריכטיג דעם נאַציאָנאַלען פרינציפּ אין זיין גאַנצער קלאָרקייט און ריינקייט. מען מוז דורך אַן אבסטראַק־טען פּאַלמעסען דערגרייכען ביז צו דעם עצם מהות פון דעם נאַציאָ־נאַלען פרינציפּ.



*) K. Mark. Das Kapital Bd. I, S. 6.

# דריטער קאַפּיטעל.

## וואָס איז אַ נאַציאָן?

### I.

### וואָס איז אַ נאַציאָן? און וואָס בעשטעהט איהר תוך?

עס איז געווען שווער צו געבען אַן ענטפער אָט אויף דער פערוויקעלטער שאלה, וואָס האָט ארויסגערופען אַ סך וכוחים, ווייל מען האָט זי זעהר אָפט צונויפגעפּאָרט מיט דער פראגע וועגען די מענשליכע ראַסען, אַ פראַגע, וואָס איז זעהר קרוב צו איהר, אבער לאָגיש לגמרי אונאַבהענגיג.

די איצטיגע אַנטראָפּאָלאָגען טיילען איין די מענשהייט אין אַ קליינע צאָהל פערשיעדענע ראַסען. איינע רעכנען דריי, אַנדערע רעכנען מעהר. אַנגענומען און כמעט אלעמען בעקאַנט איז די צאָהל פינף: די איירָאָפּעאישע אָדער קאַווקאַזישע ראַסע, די מאָנגאָלישע, די מאַלאַיאישע, די נעגער־ראַסע און די אינדיאַנער־ראַסע.

אָבער אויף צו פערענטפערן די פראגע וועגען נאַציאָנאַליטעטען און נאַציאָנען איז גאָר קיין נפקא מינה ניט, צי די מענשהייט שטאַמט פון איין איינציגער אַרט חיה אָדער פון עטליכע אזעלכע אַרטען; גאָר קיין נפקא מינה ניט, צי די ראַסען זענען בעזונדערע זעלבסטשטענדיגע אַרטען פון דעם מין מענש, אדער אונטעראַרטען פון איינער און דערזעלבער אַרט. קיין נפקא מינה ניט דערפאַר, ווייל נאַציאָנאַלע פערשיעדענהייטען טרעטען ארויס, ווי בעקאַנט, אויך אין די גרענעצען פון איין און דערזעלביגער ראַסע, און אַ נאַציאָנאַלע פראַגע וואָלט געווען אויך יעמאָלט, ווען די גאַנצע מענשהייט וואָלט אָבגעשטאַמט פון דעמזעלביגען שבט, אָדער גאָר פון איין פּאָר מענשען, פון איין אדם וחוה, ווי דאָס וויל די ביבעל. כדי פשוט'ער צו מאכען די אונז אינטערעסירענדע שאלה, לאָמיר

דעריבער אָננעמען, אַז די מענשהייט בעשטעהט אין דער אמת'ן מעהר ניט, ווי פון איין איינציגער ראַסע אָדער אונטער־ראַסע, צ. ב., דער אַרישער, וואָס נעמט אין זיך אַריין אַלע פעלקער פון דער קאַווקאַזישער ראַסע, אַ חוץ די סעמיטישע. לאָמיר אָננעמען, אַז אָט די אַרישע ראַסע איז נאָך ניט פאַנאַנדערגעפאַלען אין איינ־צעלנע פעלקער, האָט זיך נאָך ניט פאַנאַנדערגעטיילט אין סלאַווען, קעלטען, ראָמאַנען און גערמאַנען און שטעלט דעריבער פאָר איין איינציגע מענשהייט. לאָמיר ווייטער אָננעמען, אַז אָט די מענש־הייט, וואָס בעשטעהט פון איין איינציגער ראַסע, לעבט אין איין איינציגער געזעלשאַפט, ד. ה., אַז זי שטעהט אונטער דער שליטה פון איין איינציגער ס אָ צ י אַ ל ע ר  אַ ט מ אָ ס פ ע ר ע, וואָס בינדט צונויף אַלע איהרע מיטגליעדער מיט דיזעלביגע פסיכישע פעדים.

אַלע ערשיינונגען פון דער קולטור, וואָס מיר האָבען אויבען אויסגערעכענט, — שפּראַך, רעליגיאָן, טעכניק, א. ז. וו., — וואָלטען אין דעם פאַל געווען קולטור־ערשיינונגען פון דער איין איינציגער מענשהייט. ווי משונה'דיג עס זאָל ניט אויסזעהן די פאָרם, אין וועלכער די ערשיינונגען טרעטען אַרויס; ווי פערשיעדען עס זאָלען ניט זיין די געשטאַלטען, אין וועלכע עס וואָלט זיך געקאָנט אויסגיסען אָט די איין איינציגע קולטור, — וואָלט מען בשום אופן ניט געקענט זאָגען, אַז אויף איהר האָט געהאַט אַ וועלכע עס איז ווירקונג דער נאַציאָנאַלער עלעמענט. די ערשיינונגען פון דעם פאָלקסלעבען אין די פערשיעדענע פעלדער פון דער קולטור וואָלטען קיין אַנדער זאַך ניט געווען, ווי נאָר בעשטימטע אַלגעמיינע מענשליכע אופנים, ווי אַזוי צו פערענטפערן די שאלות און די קשיות פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור.

און אויך אין דעם איבערבייט פון דעם פאָלקסלעבען, אין די פערשיעדענע שנוים, וואָס דאָס לעבען ברענגט אַריין אין אַלע פעלדער פון דער קולטור, וואָלטען מיר ניט געקענט געפינען קיין איין זכר פון נאַציאָנאַליטעט. מען וואָלט ניט געקענט זאָגען, אַז די איבערבייטען זענען אָנגעפאַסט צו וועלכער עס איז נאַציאָנאַלער

בעזונדערקייט, אָדער שטאַמען ארוים פון אַ וועלכער עס איז נאַציאָ־נאַלער נויט. דער איינציגער מענשליכער שבט, וואָס לעבט אין דער איינציגער מענשליכער געזעלשאַפט, פערענדערט זיין קולטור, לויט יענע אַלגעמיינע געזעצען, וואָס הערשען אין דער היסטאָרישער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט בכלל. די דאָזיגע געזעצען שטאַמען, ערשטענס, פון די אַלגעמיינע פאָרמען פון דעם מענשענס טבע (ווי צ. ב, דעם כח פון מענשליכען שכל אויסצוגעפינען די אורזאַכען פון ערשיינונגען; זיין כח הדמיון, וואָס בויט אויף פאַנטאַסטישע געביידעס פון די נאַטירליכע איינדריקען, וועלכע ער נעמט אין זיך אריין; זיין קראַפט אויפצוטאָן נייע המצאות, און אַזוי ווייטער), און, צווייטענס, פון דער בעשטימטער דרויסענדיגער סביבה, וואָס רינגעלט אַרום דעם מענשען. די סביבה בעשטעהט אין דעם גאַנצען סך הכל פון יענע ערשיינונגען אין דער אַרומיגער וועלט, וואָס לאָזען איבער אַ רושם אין דער מענשליכער נשמה, וועלכען דעם מענשענס נשמה אַרבייט איבער לויט די געזעצען, וואָס ליגען פערבאָרגען אין איהר שאַפען. אין דעם קאַמפף מיט דער סביבה אַרבייט די מענשהייט אויס און קלייבט אָן אַ סך גייסטיגע און מאַטעריעלע גיטער. דער גראַד פון דעם אָנקלייבען, ד. ה., דער מעמד פון איהר קולטורעלער רייכקייט אין חפצים און בילדונג, און דער אופן, ווי אַזוי די געזעלשאַפט פערטיילט די מאַטעריעלע און גייסטיגע גיטער צווישען איהרע איינצעלנע מיטגלידער, האָבען די גרעסטע ווירקונג אויף דאָס לעבען און די ענטוויקלונג פון דער קולטור. פערענדערונגען אין דער דרויסענדיגער געאָגראַפישער סביבה, דאָס אַריינדרינגען פון דעם מענשליכען שכל אין די ער־שיינונגען פון דער נאַטור און דער גראַד פון הערשאַפט, וואָס דער מענש בעקומט איבער איהר, — אָט דאָס זענען אַלץ וויכטיגע מאָמענטען, וואָס ווירקען אויף די שנוים, וועלכע דער מענש טראָגט אריין אין דער פערענטפערונג פון אַלע שאלות, אין דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור. קיין איין איינציגען שנוי וואָלט מען ניט געקענט אויפשרייבען אויף דעם חשבון פון דעם „נאַציאָ־נאַלען פאַקטאָר“. לאָמיר געהן ווייטער.

אין דעם לויף פון דער ענטוויקלונג מוז די געזעלשאַפט דער־גרייכען אַזאַ שטופע, ווען דאָס רייכער־געוואָרענע קולטורעלע לעבען לאָזט איבער שטאַרקע שפּורען אין דעם מענשליכען מאַרך און אין די נערוועז. דער, וואָס בעשעפטיגט זיך מעהר מיט מוזיק, קלייבט אָן אין זיינע נערוועז און אין זיין מאַרך שפּורען פון מוזיקאַלישען טאַלאַנט; ווער עס בעשעפטיגט זיך מיט קאָפּ־אַרבייט, קלייבט אָן אין זיך שפּורען פון אַ שאַרפערען מח. ווי טונקעל עס זאָל נאָך פאַר אונז ניט זיין דער פּראָצעס, ווי אַזוי די שפּורען געהען איבער בירושה פון דור צו דור, — דאָס ווייסען מיר אָבער אויף געוויס, אז דער פּראָצעס פון דער שפּורען־פערערבונג ברענגט ארויס אַזוינע אינטערעסאַנטע קאָמבינאַציעס, וועלכע די דרויסענדיגע נאַטור און איהרע איינדריקען וואָלטען קיין מאָל ניט ארויסגערופען ביי דעם מענשען. אויף דעם וועג פון פערערבונג וואַקסען אויס טאַלאַנטען און גאונים, וואָס האָבען זייערע אייגענע פאָרמען פון בעשאַפען קולטור, וואָס פאַלען ניט צוזאַמען מיט יענע אַלגעמיין־מענשליכע בעשאַפונגס־פאָרמען אָדער כחות, וועלכע יעדער מענש האָט אין זיך. די טאַלענטירטע אָדער זשעניאַלע אינדיווידועז ברענגען אַרויס דורך זייערע אינדיווידועלע בעשאַפונגס־פאָרמען נייע ענטפערס אויף די קולטורעלע שאלות אין אַלע צווייגען פון דעם מענשליכען לעבען. אבער אויך דאָ אין דעם אינדיווידועלען פאַקטאָר פון דער מענשליכער קולטור קען מען בשום אופן ניט אַרויסגעפינען ניט איין טראָפּען פון אַ וועלכען עס איז נאַציאָנאַלען עלעמענט. *) ווי פערשיעדען עס זאָלען ניט זיין די רעזולטאַטען פון

---

*) וועגען די „אינדיווידועלע“ און די „אלגעמיינע“ פאָרמען פון מענשליכען שאַפען לעז ביי פריעדריך־אַלבערט לאַנגע־Geschichte des Materialismus Bd. II.(1877) S. 539 u. f. איך מוז דאָ בעמערקען, אַז עס איז גאָר ניט נויטיג אָנצונעמען מיט לאַנגע דעם קאַנטישען געדאַנק, אז אָט די פאָרמען זענען „אַפּריאָרישע“, ד. ה., אזעלכע, וואָס שטאַמען גאָר ניט פון דער ערפאהרונג. פון וואנען עס זאָלען נישט האָבען גענומען זיך אָט די פאָרמען, — זיי זענען אַ פאַקט, מיט וועלכען מען מוז זיך רעכנען,

דעם אינדיווידועלען שאפען, ווי רייך עס זאָל זיך ניט פאנאנדער־שפּיעלען דאָס ווירקען און געגענווירקען פון די גרויסע מענשען, די טאַלענטירטע אינדיווידוען, און די ברייטע מאַסען, — סוף כל סוף וואָלט אין לעבען אריינגעפיהרט געוואָרען נאָר יענער ענטפער אויף אַ קולטורעלע שאלה, וואָס וואָלט אין דעם קאַמפף מיט אַלע אַנדערע ענטפערס געוואונען דעם זיעג און וואָס וואָלט אַלע אַנדערע ענטפערס אָבגעשטופּט אָן אַ זייט. דער ענטפער, וואָס וואָלט מנצח געווען זיינע קאָנקורענטען, וואָלט זיך פערשפּרייט איבער אַלע מיטגלידער פון דער ראַסע, וואָס זענען ענג פערבונדען צווישען זיך. די מענשליכע נשמה איז פּלאַסטיש, ד. ה., זי קען זיך אָנפּאַסען צו די פערשידענסטע מינים ענטפערס; זי איז נוטה נאָכצוטאָן דעם אַנדערן. און אָט די צוויי מעלות איהרע וואָלטען געווירקט אויסגלייכענד אויף אַלע קולטור־ערשיינונגען פון דעם איינציגען מענשליכען שבט.

איצט לאָמיר אָננעמען, אַז אַ וועלכע עס איז גרופּע מענשען האָט זיך אָבגעריסען פון איהר אַרישען שבט און איז אריבערגעוואַנדערט אין אַ נייעם געגענד. די קראַפט פון דער סאָציאַלער אַטמאָספערע, וואָס גלייכט אויס אַלע קולטורעלע ערשיינונגען ביי אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, וואָלט אויף אַזאַ אופן איבער־געריסען געוואָרען, בעת אַלע אַנדערע היסטאָרישע פאַקטאָרען, וואָס ווירקען אויף דעם איבערבייט פון דעם קולטורעלען לעבען, וואָלטען געבליבען אַזוי, ווי זיי זיינען געווען. וואָס וואָלט דערפון געמוזט אַרויסקומען? דערפון וואָלט געמוזט אַרויסקומען, אַז די ווייטערע ענטוויקלונג פון דער נייער גרופּע, ווי באַלד זי האָט נאָר אויפ־געבויט אַן אייגענע נייע סאָציאַלע אַטמאָספערע, וואָלט ניט געקענט אין אַלע איהרע ערשיינונגען געהן אין דערזעלביגער ריכטונג און מיט דעמזעלבען אימפּעט, ווי דער אַלטער שבט. עס פערשטעהט

---

וועלכען קיינער קען ניט אָבלייקענען. — ס'איז ניט דאָ דער אָרט אריינ־צולאָזען זיך אין אַ ברייטע חקירה וועגען קאַנט'ס און לאַנגע'ס טעאָריען.

זיך, אַז אין יענע פעלדער פון דער קולטור, וואָס לאָזען ניט צו קיין בעזונדערס שטאַרקען פאַנאַנדערשפּיעלען זיך פון אינדיווידועלען בעשאַפען; דאָרטען, וואו די אַלגעמיין־מענשליכע פאָרמען זענען שטענדיג גובר די אינדיווידועלע בעשאַפונגס־פאָרמען, ווי, צ. ב., אין דער מאַטעמאַטיק און אין די ערשטע שריט פון דער טעכניק, וועלען די נייע ענטפערס אין דער קולטור, וואָס די נייע גרופּע געפינט אַרויס, זיין כמעט פון דערזעלבער אַרט, ווי די, וואָס דער אַלטער שבט געפינט אַרויס אין דערזעלבער צייט און אין דיזעלבע קולטור־פעלדער. די אַלגעמיינע פאָרמען פון דער מענשליכער נשמה, האָבענדיג צו טאָן מיט דעמזעלביגען אָדער אַ גלייכען מאַטעריאַל, וועלען אונטער דיזעלביגע בעדינגונגען בייביידע גרופּען אַרויסברענגען גלייכע אָדער עהנליכע פערענטפערונגען פון קולטורעלע שאלות. גאַנץ אַנדערש וועט אָבער זיין מיט יענע פעלדער פון דער קולטור, וואָס עפענען אַ מעהר אָדער ווענ־גער ווייטערע מעגליכקייט פאַר דאָס פאַנאַנדערשפּיעלען זיך פון דעם אינדיווידועלען שאַפען, ווי, צ. ב., די פּאָעזיע, די רעליגיאָן און די שפּראַך אין איהרע ערשטע ענטוויקלונגס־פּאַזען. וואָס גרעסער עס איז די מעגליכקייט פאַר דעם אינדיווידועלען שאַפען פאַנאַנדער־צושפּיעלען זיך, אַלץ ווייניגער קען מען אָננעהמען, אַז צוויי גרופּען, וואָס לעבען אָבגעזונדערט איינע פון די אַנדערע, ביי וועמען דער פּסיכאָלאָגישער פאָדעם פון ווירקונג און געגענווירקונג איז איבער־געריסען געוואָרען, זאָלען פאַלען אויף דעם זעלביגען שכל און קומען צו די זעלביגע רעזולטאַטען. צוויי פערשיעדענע ענטפערס, וואָס ווערען געגעבען אויף דיזעלביגע שאלה אין די גרעניצען פון דערזעלביגער גרופּע וואָלטען געמוזט אַרויסגעהן אין קאַמפּף איינער געגען דעם אַנדערן, און דער נצחון וואָלט געבליבען פאַר יענעם ענטפער, וואָס וואָלט גובר געווען זיין קאָנקורענט. וואָלטען, למשל, געקעמפּפט מאָנאַרכיזם און רעפּובליק און גובר געווען וואָלט דער מאָנאַרכיזם, וואָלט די גאַנצע גרופּע געמוזט אָננעמען אָט דעם פּאָליטישען ענטפער. אָבער ווי נאָר דער קאַמפּף פון די ענטפערס קומט פאַר ביי צוויי פ ע ר ש י ע ד ע נ ע גרופּען, וואָס לעבען אין

צוויי בעזונדערע סאָציאַלע נאכאהמונגס־ספערען, קען זיך טרעפען, אַז אין איין גרופּע וועט גובר זיין דער מאָנאַרכיזם און אין דער אַנדערער — די רעפּובליק. אויף אזא אופן קענען פערשיעדענע ענטפּערים פון דער קולטור, וואָס שליסען איינער דעם אַנדערן אויס, אין די גרעניצען פון איין גרופּע, אַלע פערווירקליכט ווערען אין דערזעלביגער צייט ביי פערשיעדענע גרופּען, איינער — דאָ, דער אַנדערער — דאָרטען. דעריבער קענען צוויי גזעלשאַפטען, וואָס שטאַמען פון איין וואָרצעל, וואָס לעבען אין דערזעלביגער דרויסענדיגער סביבה, נאָר וואָס האָבען פערלאָרען די גייסטיגע פערבינדונג צווישען זיך, געבען אויף דעמזעלביגען פעלד פון דער קולטור אויף דיזעלביגע קולטורעלע שאלה צוויי גאַנץ פערשיעדענע ענטפּערס.

א חוץ דעם דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז די גרופּע, וואָס האָט זיך אָבגעריסען פון איהר שבט, קען אריינפאַלען גאָר אין אַ גאַנץ אַנדערע דרויסענדיגע סביבה, וואָס מוז ווירקען אויף דעם גאַנצען פּסיכישען בוי פון איהרע מיטגליעדער און וואָס מוז דעריבער אַרויסרופען גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען פון דעם קולטורעלען שאַפען. אויב אַזאַ גרופּע פאַלט אריין, לאָמיר זאָגען, אין אַ ווילדען געגענד, וואָס לאָזט ניט אַזוי גרינג צו די הערשאַפט פון דעם מענשען איבער די נאַטור, קען זיך אין גאַנצען איבערבייטען איהר בעגעהן זיך מיט דער ארומיגער וועלט. פון אַ רוהיגען צוטרוייליכען לעבען מיט דער נאַטור קען ווערען אַ לעבען אין אַ נידערגעשלאָגענער שטימונג, פול מיט שטענדיגען חשד און ציטערנים פאַר די געהיימע שטאַרקע קרעפטען, וואָס זעהן אָנצוטאָן דעם מענשען כל הצרות. אונטער דער שליטה פון אַלע אַזלעכע פערענדערטע דרויסענדיגע און אינווענינגע לעבענס־בעדינגונגען מוז סוף כל סוף די גאַנצע קולטור פון דער אָבגעריסע־נער גרופּע כמעט אין גאַנצען איבערגעביטען ווערען. אייניגע צווייגען פון איהר קולטור קענען אין גאַנצען אָבשטאַרבען; אַנדערע, ווידער, פאַנאַנדערוואַרפען זיך און פאַנאַנדערבליהען. אין אַ ווילדער, שווערער געגענד קען, למשל, די אַלטע טעכניק בּיסלעכווייז

אין גאַנצען פערשווינדען און די גאַנצע ענערגיע פון פאָלק וועט יעמאָלט אָנגעווענדט ווערען אויף אויסצוטראַכטען וויילד־ראָמאַנ־טישע מעשיות, וואָס דערקוויקען די פאַנטאַזיע. פריהער אָדער שפּעטער מוז די גאַנצע אינטעלעקטועלע וועלט פון דער אָבגעריסע־נער גרופּע בעקומען גאָר אַן אנדער פּנים. זי וועט שוין אין א סך פּונקטען זיין גאַנץ פערשיעדען פון יענער קולטורעלער וועלט, וואָס האָט געהערשט ביי דעם שבט, פון וועלכען זי שטאַמט. זאָל מען איצטער נעמען פערגלייכען אָט די צוויי געזעלשאַפטען, וואָס האָבען א מאָל געלעבט אין איינעם, וועלען מיר שוין האָבען א רעכט צו זאָגען, אַז מיר האָבען דאָ פאַר אונזערע אויגען צ ו ו י פ ע ר־ש י ע ד ע נ ע נ א צ י א ָנ ע ן מ י ט צ ו ו י י פ ע ר ש י ע־ד ע נ ע ק ו ל ט ו ר ע ן. די פערשיעדענהייט אין דער פער־ענטפערונג פון די קולטורעלע שאלות האָט סוף כל סוף געבראַכט דערצו, עס זאָלען אויסגעאַרבייט ווערען נאַציאָנאַלע פערשיעדענ־הייטען. דער נאַציאָנאַלער עלעמענט איז דאָ אַרויסגעוואַקסען — און האָט געמוזט אַרויסוואַקסען — פון דעם קולטורעלען עלעמענט.

דער פּועל יוצא, צו וועלכען מיר זיינען געקומען, בעטראַכטענדיג על פּי שכל די כחות, וואָס בעשאַפען א נאַציאָן, ווערט בעשטעטיגט, ווען מיר שטודירען אין דער געשיכטע יענע פּראָצעסען, וואָס האָבען געבראַכט דערצו, אַז די אַרישע ראַסע זאָל פאַנאַנדערפאַלען אין איינצעלנע פעלקער און נאַציאָנען. די פּלאַסטישקייט פון דער מענשליכער נשמה, איבערהויפּט אין די ערשטע פאַזען פון דער קולטור־ענטוויקלונג, איז אַזוי גרויס, אַז עס איז גענוג, קליינע פערענדערונגען זאָלען פאָרקומען אין דעם לעבען פון גרופּען, וואָס זענען אָבגעריסען איינע פון דער אַנדערער. כדי זייער קולטור זאָל זיך אָנהויבען ענטוויקלען אויף א גאַנץ פערשיעדענעם שטייגער. מענשליכע גרופּען, וואָס לעבען לגמרי אָבגעריסען איינע פון דער אַנדערער, מוזען על פּי הכרח קומען צו גאַנץ פערשיעדענע רעזול־טאַטען אין זייער קולטור, ד. ה., אין זייער אַרט צו לעבען און צו קעמפּפען אויף דער וועלט. אַן אַנדער קלימאַט, אַנדערע מעלות און חסרונות פון דער ערד, אַנדערע היסטאָרישע פּאַסירונגען, קריעג

אָדער פרידען, אַנדערע העלדען און פיהרער, אַנדערע פּאָעטען און דענקער, — דאָס אַלץ צווינגט די מענשליכע גרופּען צו געהן אין פערשיעדענע וועגען און צו געפינען פערשיעדענע ענטפערס אויף די שאלות פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור.

דערפון איז געדרונגען, אַז די סבה כל הסבות פון די נאַציאָנאַלע פערשיעדענהייטען ליעגט אין דעם, וואָס די מענשהייט, אָדער אפילו איינע פון איהרע ראַסען, איז פאַנאַנדערגעפאלען אויף גרופּען, וואָס לעבען בעזונדער איינע פון דער אַנדערער. יעדע גרופּע פיהרט זעלבסטשטענדיג איהר אייגענע קולטורעלע בעל־הבית׳ישקייט, ד. ה., יעדע פון זיי פערענטפערט די פּראָבלעמען פון דער גאַנצער מענשליכער קולטור, קודם כל, **פאַר זיך און צוליעב זיך אַליין**. געפינט זי א וועלכע עס איז נייע טעכנישע המצאה, אָדער אַ נייע פאָרם פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, פיהרט זי אַריין די המצאה אָדער נייע פאָרם אין איהר אייגענעם לעבען, ניט האָבענדיג צו טאָן מיט די אַנדערע גרופּען, אפילו ווען יענע האָבען אין דערזעלביגער צייט געפונען דיזעלביגע המצאה אָדער דיזעלביגע געזעלשאַפטליכע פאָרם און האָבען זי אויך אַריינגעפיהרט אין זייער אייגען לעבען.

און דאָרטען, וואו די בעסטע עלעמענטען פון איין גרופּע פלעגען, אַ דאַנק דעם אָדער יענעם פאקטאָר פון פּראָגרעס, אַרויס־ברענגען ענטפערס אין לעבען, גאַנץ פערשיעדענע פון די, וועלכע די אַנדערע גרופּען פלעגען אַרויסברענגען, — דאָרטען דריקט זיך שוין אוים די נאַציאָנאַליטעט פון דער גרופּע ניט נאָר אין דעם, וואָס זי בויט אַליין מיט איהרע אייגענע הענד איהר אייגענעם קולטורעלען לעבען **פאַר זיך אַליין און צוליעב זיך אַליין**, נאָר אויך אין דעם, וואָס זי בויט דאָס לעבען **אַנדערס**, איידער דאָס טוען אַנדערע גרופּען. אַזוי ווי אויף דיזעלביגע קול־טורעלע שאלה קענען געגעבען ווערען אַ סך ענטפערס, אַזוי ווי די פּלאַסטישקייט פון דער מענשליכער נשמה דערלאָזט, אַז דער איין ענטפער זאָל זיך פערשפּרייטען אויף דער גאַנצער גרופּע פון מענשען, וואָס לעבען אין דערזעלביגער סאָציאַלער אַטמאָספערע, איז דערמיט

געגעבען געוואָרען דער צווייטער מאָמענט פון נאַציאָנאַליטעט, — דער מאָמענט פון פ ע ר ש י ע ד ע נ ק י י ט אין דער פערענטפע־רונג פון קולטורעלע פראַגען.

געוויס, אויף די ניעדריגע שטאַפּלען פון דער קולטורעלער ענט־וויקלונג קען נאָך די נאַציאָנאַלע פערשיעדענקייט ניט זיין בעזאָנ־דערס גרויס. דאָרטען, וואו די אינדיווידועלע בעשאַפונגס־פאָרמען און בעשאַפונגס־כחות האָבען זיך נאָך ניט אַרויסגעוויזען אין זייער גאַנצער רייכקייט, אָדער אויף יענע פעלדער פון דער קולטור, וואו די בעשאַפונגס־„פאָרמען" שטעהען אונטער דער הערשאַפט פון דער „מאַטעריע", ווי ל אַ נ ג ע דריקט זיך אויס, ד. ה., פון דעם מאַטעריאַל, וועלכען די פאָרמען מוזען בעאַרבייטען, ווי, צ. ב., אין דעם אָנהויב פון דער טעכניק און אין דעם אָנהויב בעקאַנט ווערען מיט די נאַטור־ערשיינונגען, און אומעטום, וואו דאָס מאַטעריאַל מוז גובר זיין די בעשאַפונגס־פאָרם, — דאָרטען בעמערקען מיר שטענדיג, אַז די פעלקער, וואָס שטעהן אויף דעם זעלביגען שטאַפּעל פון ענטוויקלונג, קומען אונאַבהענגיג איינס פון דעם אַנדערן צו די זעלביגע אָדער זעהר עהנליכע פערענטפערונגען פון די קולטורעלע פראָבלעמען. אבער וואָס העכער מענשען שטעהן אין זייער קול־טורעלער ענטוויקלונג, וואָס רייכער עס וואַרפט זיך ביי זיי פאַנ־אַנדער די אינדיווידועלע בעשאַפונגס־פאָרם, מוזען זיי קומען צו אַלץ מעהר פערשיעדענע ענטפערס אין זייער קולטורעלען לעבען, איבערהויפּט אין יענע פעלדער פון דער קולטור, וואָס מען קען מיט ל אַ נ ג ע אָנרופען די „פרייע" פעלדער, וואו די פאָרם איז גובר דעם אינהאַלט, דאָס מאַטעריאַל, ווי, צ. ב., אין דער פּאָעזיע און אין דער רעליגיאָן.

און פון דעסטוועגען, אפילו אויף די נידריגסטע שטופען פון דער ענטוויקלונג, אין יענער פינסטערער מדינה פון דער האַרטער נויטוועגדיגקייט, וואו דער נאָך אָרעמער מענשליכער שכל איז ווי אַ שקלאַף צוגעבונדען צום מאַטעריאַל, וועלכען ער מוז בעאַרבייטען, האָבען מיר איין פעלד פון קולטור, וואָס רייסט זיך אַרויס פריי פון דעם נויטווענדיגען לאָגישען צוואַנג פון דעם אַלגעמיין־מענש־

ליכען שכל און וואו די אינדיווידועלע בעשאפונגס־פאָרמען, — עס מאכט ניט אויס, וואָס זיי זענען אזוי אָרעם, — האָבען נאָך א גרעסערען פעלד, וואו ארויסצואווייזען זיך, איידער ביי די קולטור־רעלע פעלקער. מיר מיינען דאָ דאָס קולטור־פעלד פון דער מענש־ליכער שפּראַך. „צוויי ברידער, זאָגט רענאַן, וואָס וואָלטען בע־שאפען א שפראך, זייענדיג אָבגעטיילט איינער פון דעם אנדערן מיט א מהלך פון א ¼ ליע, וואָלטען בעשאפען צוויי פערשיעדענע לשונות". *) ביי די ווילדע, שרייבט באסטיאן, ווערען בעשאפען אלע רגע נייע דיאלעקטען, וואָס וואקסען גיך אויס צו לגמרי פער־שיעדענע שפּראַכען. די מיסיאָנערען האָבען בעמערקט, אז אין יענע דערפער, וואו קינדער בלייבען אליין חדשים לאַנג, בייט זיך אום דער לשון כמעט פון דור צו דור, און אז די עלטערן קומען צוריק אהיים, רעדען די קינדער א שפראך, וואָס די עלטערן קענען גאָר ניט פערשטעהן. און אין אויסטראליען, וואו עס הערשט דער מנהג, אז ווען איינער שטארבט אין דער משפּחה, מוזען אלע ווערטער, וואָס האָבען כאָטש א ווייטע עהנליכקייט צו דעם קלאַנג פון זיין נאָמען, ארויסגעוואָרפען און פערביטען ווערען מיט אנדערע ווערטער, מוז אזא שנעלער איבערבייט אין דעם לשון נאָך עפטער פאָר־קומען." **)

„אין די גרעניצען פון אן ענגען קרייז מענשען", שרייבט דערזעל־ביגער מחבר, „ארבייט זיך גאַנץ פשוט אויס אן איינאַרטיגער לשון, אָבערשווין די איינוואָהנער פון דעם שכנ'ישען דאָרף וועלען אפשר אין א קליינע צייט ארום אָנהויבען רעדען א גאַנץ אנדער שפראך. און אויב צווישען די דערפער הערשט א שנאה, וועלען זיי מיט א כיון אויסמיידען יעטוועדע עהנ־ליכקייט אין זייער שפּראַך." ***)

*) E. Renan De l'origine du langage, Paris, 1863.

**) A. Bastian. Der Mensch in der Geschichte, 1860, Bd. I., S. 284-285.

***) דאָרטען גופא, זייטעל 384.

אויף אַזאַ אופן קען מען זאָגען, אַז דאָס נאַציאָנאַלע אין די קולטור־ערשיינונגען פון א וועלכען עס איז פאָלק איז קודם כל מעהר ניט, ווי יענע פ.ערשיעדענקייט אין די אַרויס־שפּראָצונגען פון לעבען, וועלכע מען קען געפינען, ווען מיר פער־גלייכען די קולטור־ערשיינונגען פון איין פאָלק מיט די ענטשפּרע־כענדע קולטור־ערשיינונגען פון אַן אַנדער פאָלק. אין וואָס מעהר־פעלדער פון דער קולטור עס ווייזען זיך אַרויס די פערשיעדענ־קייטען, וואָס בולט'ער זיי טרעטען אַרויס, אַלץ שטאַרקער זענען די נאַציאָנאַלע אייגענשאַפטען פון דעם געגעבענעם פאָלק. שטעלט מען זיך אויף אָט דעם שטאַנדפּונקט, מוז מען בעטראַכטען די נאַציאָנאַליטעט פון אַ פאָלק אין די ערשטע פאַזען פון איהר ענט־וויקלונג ניט ווי אַ נאַטירליך־פיזיאָלאָגישען פאַקט, וואָס איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל געגעבען און וואָס קען ניט אומגעביטען ווערען, נאָר ווי אַ קולטור־היסטאָרישע ערשיינונג, וואָס בייט זיך פון צייט צו צייט. אַ חוץ דעם זעהן מיר, אַז די נאַציאָנאַ־ליטעט פון אַ פאָלק איז ניט עפּעס אַבסאָלוטעס, וואָס מיר קענען אויסגעפינען בעת מיר שטודירען דאָס פאָלק גופא, נישט פער־גלייכענדיג עס מיט אַלע אַנדערע. ניין, די נאַציאָנאַליטעט איז עפּעס רעלאַטיוועס, וואָס האָט נאָר אַ זין אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל עס זענען דאָ אַנדערע ערשיינונגען, וואָס זענען גאַנץ אונאַבהענגיג פון איהר, מיט וועלכע מיר פערגלייכען זי. נאָר אין דעם פערגלייכען געפינען מיר אַרויס זייער נאַציאָנאַליטעט. עס מעג קלינגען זעהר פּאַראַדאָקסאַל, אָבער פון דעסטוועגען איז פאָרט ריכטיג דער געדאַנק, אַז דאָסזעלביגע פאָלק איז מעהר נאַציאָן אָדער וועניגער נאַציאָן, עס ווענדט זיך אין דעם, מיט וועלכע אַנדערע פעלקער מען פערגלייכט עס. די גרויס־רוסען זענען וועניגער אַ נאַציאָן, ווען מען פערגלייכט זיי מיט די פּוילען; זיי זענען מעהר אַ נאַציאָן, ווען מען פערגלייכט זיי מיט די דייטשען אָדער די יודען.

אין די ערשטע ענטוויקלונגס־פאַזען האָט די נאַציאָנאַליטעט, ווי מיר האָבען געזעהן, קיין שום זכר ניט פון נאַטירליך־פיזיאָלאָ־

גישע גרונד־עלעמענטען. וואָס לענגער אָבער אַ נאַציאָן לעבט אויף דער וועלט, אַלץ מעהר ווערט זי פון אַ ריין קולטור־היסטאָרישער ערשיינונג אַ נאַטירליך־פיזיאָלאָגישע. דיזעלביגע געזעצען, וואָס מאַכען פערוויקעלטער דאָס פּסיכישע לעבען פון דעם מענשען און בויען אין דעם שטילען סוד פון דער לייב־מוטער די פאָרמען פון ערבליכקייט; דיזעלביגע געזעצען, וואָס האָבען בעשאַפען די מעגליכקייט, עס זאָלען קענען אַרויסטרעטען טאַלענטירטע מענשען מיט אינדיווידועלע בעשאַפונגס־פאָרמען, — מוזען פריהער אָדער שפּעטער פיהרען דערצו, אַז אין די גרעניצען פון דערזעלביגער נאַציאָנאַלער אַטמאָספערע זאָל זיך איינשטעלען אַ געוויסער סדר פון געפיהלען און פּסיכישע געוואָהנהייטען, וואָס זענען אָנגעמאָסטען צו דעם געגעבענעם מין אַלגעמיין־מענשליכע קולטור. אויב אין דעם לעבען פון אַ פאָלק שפּיעלט איין פעלד פון דער קולטור אַ גרעסערע ראָלע, איידער ביי אַלע אַנדערע פעלקער, אַן ערך האַנדעל, רעליגיאָן, אָדער קריעג, מוז דאָס הערשענדע קולטור־פעלד איינ־דריקען זיין חתימה אין דער גאַנצער נשמה פון דעם פאָלק; און אָט די חתימה אָדער אַ גאַנצע סומע פון אַזעלכע חתימות מוזען אַלץ מעהר און מעהר אַריינדרינגען אין אַלע ערשיינונגען פון זיין לעבען און צופּאַסען צו זיך זיין גאַנצע פּסיכאָ־פיזישע אָרגאַניזאַציע. אַ דאַנק דעם פיזיאָלאָגישען געזעץ, וואָס זעצט דורך, אַז די אברים מוזען זיך צופּאַסען צו זייערע פונקציעס, צו דעם וואָס זיי טוען, און אַ דאַנק דעם אַנדערען פיזיאָלאָגישען געזעץ, וואָס מאַכט, אַז די אברים מיט זייערע פונקציעס מוזען זיך צופּאַסען איין אבר צו דעם אַנדערען, קומט פריהער אָדער שפּעטער אַרויס, אַז די פּסיכאָ־פיזישע אָרגאַניזאַציע פון איין פאָלק מוז ווערען פערשיעדען פון דער פּסיכאָ־פיזישער אָרגאַניזאַציע פון אַלע אַנדערע. די געוואָהנהייטען פון דעם פאָלק, די אופנים פון זיין דענקען, פיהלען און זיין רצון געהן אַריין אין פלייש און בלוט און געהן איבער בירושה פון דור צו דור. אויף אַזאַ אופן כאַפּט די ערבליכקייט אונטער אָט די פערשיעדענקייט פון דער פּסיכאָ־פיזישער אָרגאַניזאַציע און מאַכט פון אַ קולטור־היסטאָרישער ערשיינונג, וואָס שטעהט אונטער דער

הערשאַפט פון פּסיכאָלאָגישע געזעצען, א ר א ס ע ן־ע ר ש יי נ ו נ ג, וואָס ווירקט שוין נאָך איהרע אייגענע ביאָלאָגישע געזעצען. צו די אַלגעמיין־מענשליכע פאָרמען פון דעם גייסטיג־קולטורעלען לעבען און שאַפען, און צו די אינדיווידועלע בעשאַפונגס־פאָרמען טרעטען ביסלעכווייז צו נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען, וואָס לעגען אַרויף אַ בעשטימטע חתימה אויף די נשמה פון יעדען איינעם, וואָס געהערט צו דעם פאָלק. שאַטירונגען אין דעם אופן פון דענקען, געוויסע שטריכען אין כאַראַקטער און אין דער אַרט, ווי אַ מענש דריקט אויס זיינע געפיהלען און זעצט דורך זיין רצון, הויבען אָן אַריבערצוגעהן בירושה פון עלטערן צו קינדער אין איינעם מיט דעם בעשטימטען נאַציאָנאַלען קלאַנג פון דער שטימע און דעם בעשטימטען אויסדרוק אין געזיכט. עס ווערט בעשאַפען אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ט י פּ סיי פיזיש, סיי גייסטיג, ווי אַ בעזונדער פּסיכאָ־פיזישער אָרגאַניזם, וואָס איז דער מקור פון דער נאַציאָנאַלער אָריגינאַליטעט.

וועגען דער פּסיכאָ־פיזישער אָריגינאַליטעט מוז איך דאָ זאָגען נאָך אַ פּאָר ווערטער, כדי בעסער מסביר צו זיין דעם ענין פון דעם, וואָס איך רוף אָן נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען, ווייל זעהר אָפט מישט מען אויס די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרם גופא מיט אַ בעשטימטען אינהאַלט, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט פון איהר. דעם נאָמען „פאָרם“ און „בעשאַפונגס־פאָרם“ אין דעם פירוש פון דעם וואָרט, וועלכען איך געברויך דאָ אין מיין אַרבייט, שטאַמט פון עמאַנועל קאַנט. פערשטעהן קען מען איהם, ווען מען זאָל פערגלייכען די פאָרם צו יענע כחות, וואָס ברענגען אַרויס אַ בעשטימטע פּרוכט.

נעמט צוויי קערענדלעך: די זריעה פון אַ ראַנעט־עפּעלבוים און די זריעה פון אַן אַפּאָרט־עפּעלבוים. זעצט זיי אַריין אין דיזעל־ביגע ערד, פול מיט דיזעלביגע עלעמענטען, וואָס זענען נויטיג צו שפּייזען אַ פּרוכטבוים בכלל און אַן עפּעלבוים בפרט. זיי וואַקסען אונטער דעמזעלביגען הימעל, אונטער דעמזעלביגען רעגען, און פון דעםטוועגען גיט אַרויס איין עפּעלבוים ראַנעט־עפּעל, און דער

אנדערער — אפּאַרט־עפּעל. דעם סכום פון קרעפּטען און פון „אַלגעמיין־עפּעל־בוימליכע" פּראָצעסען, וואָס ברענגען אַרויס די „אַלגעמיין־עפּעל־בוימליכע" פּרוכט, אבער איין מאָל אין דער פאָרם פון א ראנעט, דאָס אַנדערע מאָל אין דער פאָרם פון א אפּאַרט, — קען מען אָנרופען: „די בעשטימטע בעשאַפונגס־כחות אָדער פאָרמען פון א ראַנעט־עפּעלבוים", „די בעשטימטע בעשאַפונגס־פאָרמען פון אַן אפּאַרט־עפּעלבוים". זיי ליגען ביכולת שוין אין דעם קערנדעל און קומען אַרויס בפּועל, ווי נאָר דאָס קערנדעל הויבט אָן צו וואַקסען. ווי גלייך עס זאָל ניט זיין די שפּייז, וועלכע יעדער עפּעלבוים נעמט אַריין אין זיך, מוז דאָך פון דער גלייכער שפּייז בעשאַפען ווערען אַן עפּעל, וואָס איז ווי יעדער עפּעל „אַל־געמיין־עפּעלבוימליך", אבער צו דערזעלבער צייט פאָרט פערשיעדען ביי די פערשיעדענע עפּעל־סאָרטען, לויט די פערשיעדענע בעשאַ־פונגס־כחות וואָס שטעקען אין זיי.

דאָסזעלביגע איז אויך מיט די מענשליכע נאַציאָנאַליטעטען. דערזעלביגער מענשליכער אמת בעקומט אין א סך זעהר וויכטיגע פעלע א בעשטימטען נאַציאָנאַלען טעם, פאַרב און פאָרם, לויט דער פּסיכאָ־פיזישער נאַטור פון דעם פאָלק, וואָס ארבייט איהם אויס אָדער נעמט איהם אויף. אונזער וויסענשאַפט וועגען נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־כחות אָדער פאָרמען, וואָס געהן איבער בירושה פון עלטערן צו קינדער, איז נאָך זעהר יונג. פריהער מוז מען אויס־שטודירען די שטריכען פון דעם נאַציאָנאַלען כאַראַקטער און אַלץ, וואָס א פאָלק בעשאַפט, כדי אַרויס־צוגעפינען, ווי מוז זיין בעשאַפען די פּסיכאָ־פיזישע נאַטור פון דעם פאָלק, וואָס האָט אין זיך אַזעלכע שטריכען. נאָר אַזא פיינער און טיעפער דענקער, ווי איפּאָליט טען, האָט געקענט נעמען אויף זיך אַרויסצוברענגען די שטריכען פון דעם ענגלישען נאַציאָנאַלען כאַראַקטער לויט דעם, ווי זיי האָבען זיך אַרויסגעוויזען אין דער ענגלישער ליטעראַטור. אבער וויסענשאַפטליכע שווערקייט און אין א סך פעלע אונמעגליכקייט פערטיג צו ווערען מיט א וועלכען־עס־איז ענין איז געווים קיין בעוויז ניט, אַז דער ענין גופא איז

ניטאָ. עד היום קען מען נאָך ניט פּינקטליך אַרויסברענגען, אין וואָס בעשטעהט די פיזיאָגנאָמיע פון דעם אידישען פּנים און איבערהויפּט פון דעם נאַציאָנאַלען אויסדרוק אין געזיכט. און פון דעסטוועגען רעכענט זיך שוין די אַלטעגליכע געדאַנקענוועלט שטענדיג מיט נאַציאָנאַלע טיפּען, וועלכע זי בעמערקט אויף שריט און טריט. אבער אזוי גוט ווי זי בעמערקט פיזישע נאַציאָנאַלע טיפּען, בעמערקט זי אויך גייסטיגע נאַציאָנאַלע טיפּען, ווייל אין אונזער וועלטעל איז שוין „גשמיות“ און „רוחניות“ פערבונדען אזוי, אז יעדע פערענדערונג אין דער חומריות געהט כמעט תמיד האַנד אין יהאַנד מיט אַ בעשטימטער פערענדערונג אין דער „רוחניות“. אין דער אַלטעגליכער געדאַנקענוועלט טרעפען מיר אזעלכע מאמרים, ווי: „אַ יודישער קאָפּ“, „אַ יודיש האַרץ“, „פראַנצויזישע גייסטעס־גראַציע“, „דייטשע טיעפקייט“, א. ד. גל. אין פערשוואומענע, ניט־קלאָרע רייד ווייזט זי אָן אויף גאַנץ בעשטימטע מעלות און חסרונות פון דער פערשיעדענער נאַציאָנאַלער טבע ביי פערשיעדענע פעלקער, ד. ה., אויף פערשיעדענע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־כחות און פאָרמען.

יעדער מענשליכער קאָפּ דענקט, אבער יעדער נאַציאָנאַלער קאָפּ דענקט אויף אַ בעזונדערען אופן. דער יודישער קאָפּ, צ. ב., גיט צו אַ בעשטימטע יודישע פאַרב, אַ יודישען טעם און יודישע פאָרם צו דעם אַלגעמיין־מענשליכען אינהאַלט, — אַלץ איינס, צי דער קאָפּ שטעקט אויף די אַקסלען פון שלמה גבירול, וואָס האָט אין שפּאַניען אין עלפטען יאהרהונדערט געשריעבען אין אַראַביש וועגען מעטאַפיזיק און טעאָלאָגיע, אָדער ער שטעקט אויף די אַקסלען פון שפּינאָזאַ, וואָס האָט אין האָלאַנד אין זיבעצעהנטען יאהרהונדערט געשריבען אין לאַטיין וועגען עטיק, אָדער גאָר אויף די אַקסלען פון קאַרל מאַרקס, וואָס האָט אין דייטשלאַנד אין ניינצעהנטען יאהרהונדערט געשריבען אין דייטש וועגען נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע.

און אָט דער בעשטימטער יודישער נאַציאָנאַלער בעשאַפונגס־כח, וואָס לעגט אַרויף זיין שטעמפּעל אויף אַלץ, וואָס אַ יודישער

קאָפּ בעשאַפט, קען ניט אָבגעזונדערט ווערען פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען בעשאַפונגס־כח, אַקוראַט אַזוי ווי די בעשאַפונגס־כחות, וואָס ברענגען אַרויס עפּעל בכלל, קענען ניט אָבגעשיידט ווערען פון יענע כחות, וואָס מאַכען פון דעם אַלגעמיינעם עפּעל אַ בע־שטימטען ראַנעט, אַקוראַט אַזוי ווי אַלגעמיינע „עפּעל־כחות" קענען ניט עקזיסטירען פאַר זיך ערגעץ־וואו דרויסען פון די פער־שיעדענע עפּעל־סאָרטען, נור דוקא אינוועניג אין זיי, אַזוי קענען אויך די אַלגעמיינע מענשהייט און די אַלגעמיין־מענשליכע בעשאַפונגס־כחות ניט עקזיסטירען ערגעץ־וואו דרויסען, אָבגעזונ־דערט פון די איינצעלנע נאַציאָנען און די איינצעלנע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־כחות, נור דוקא אין זיי.

די וויסענשאַפט, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג אָנגעהויבען אויס־צופאָרשען די פערשיעדענע פּסיכאָ־פיזישע אָרגאַניזאַציעס פון פער־שיעדענע פעלקער כדי צו פערגלייכען זיי, קען נאָך איצטער ניט, ווי איך האָב שוין בעמערקט, אָנגעבען אויף קלאָר, אין וואָס די פּסי־כאָפיזישע אָרגאַניזאַציע פון איין פאָלק שיידט זיך אָב פון די פּסיכאָ־פיזישע אָרגאַניזאַציעס פון אַנדערע פעלקער. אָבער כדי צו פער־שטעהן די שאלה גופא, וואָס בעשעפטיגט איצטער די יונגע וויסענ־שאַפט וועגען נאַציאָנען, וויל איך דאָ ברענגען אַ דערווייליגע השערה, וואָס קען אונז מאַכען קלערער דעם ענין. לאָמיר, צ. ב., פערגלייכען די דריי אויבען דערמאָנטע פערשיעדענע יודישע דענ־קער, וואָס האָבען געלעבט אין דריי פערשיעדענע צייטען, אין דריי פערשיעדענע לענדער און האָבען געשריעבען וועגען דריי פערשיע־דענע ענינים: שלמה גבירול, ספּינאָזא און קאַרל מאַרקס. ווי פער־שיעדען עס זאָלען ניט זיין די ענינים, וועגען וועלכע זיי האָבען גע־שריעבען, די צייט און דאָס לאַנד, אין וועלכע זיי האָבען געלעבט, קען מען אפשר ביי זיי ביי אַלעמען געפינען איין סימן, אין וועלכען עס דריקט זיך ביי זיי ביי אַלעמען אויפ'ן גלייכען שטייגער אויס די אַרט פון דעם יודישען דענקען. לאָמיר אָננעמען, אַז די אַרט בעשטעהט אין דעם, וואָס דער יודישער שכל האָט די מעלה אָדער דעם חסרון צונויפצוזאַמלען אַלע שטראַהלען פון דער פאָרשונג, ווי אין אַ ברען־

גלאָז, אויף איין איינציגען פונקט און דורכצוברענען דעם פונקט אזוי וויט, אויף וויפיעל עס איז איבערהויפּט מעגליך פאר דעם מענשליכען שכל. בעת מעשה בלייבען אָבער אַלע אַנדערע פונקטען, וואָס זיינען פערבונדען מיט דעם ענין, וועלכער אינטערעסירט זיי, אָדער אין האַלב־דונקעל, אָדער אין גאַנצער פינסטערקייט. אַ שמאָלער, טיעפער און שטאַרקער דענקען, וואָס וויל זיך ניט פערליערען אין טויזענדערליי קליינינגקייטען, וואָס געהט אין אַ גלייכען וועג, שטענדיג פאָראויס, און פאָראויס, ניט קוקענדיג אויף די מניעות, וועלכע די ווירקליכקייט שטעלט איהם אויף יעדען שריט און טריט, דורכברענענדיג אלע פעלזען, וועלכע ער געפינט אויפ'ן וועג כדי אויסצורוהען זיך אין איין איינציגען לעצטען פונקט, — דאָס איז אפשר דער גרונד־כאַראַקטער, די אינוועניגסטע טבע פון דעם יודישען שכל. און אפשר שטאַמט דער גאַנצער מאָנאָטעאיזם אָט פון דעם ענגען, שמאָלען, אָבער טיעפען און שטאַרקען דענקען.

בעטראַכטען מיר דעם יודישען אַרט פון פיהלען, אזוי ווי ער דריקט זיך אויס ביי די שטאַרקערע יודישע נאַטורען, ביי די בעסטע עקזעמפּלאַרען פון דעם יודישען פאָלק, געפינען מיר אפשר אויך דיזעלביגע ענגע, שמאָלע טיעפקייט. דעם יודענ'ס נשמה איז ניט רייך אין פערשיעדענאַרטיגע געפיהלען, וואָס זענען סותר איינס דאָס אַנדערע, אָדער פערקערט, בערייכערען איינס דאָס אנדערע. דעם יודענ'ס האַרץ קאָנצענטרירט זיך שטענדיג אויף איין איינציגען פונקט, און אין דעם פונקט לעגט ער אַריין דאָס גאַנצע פייער פון זיינע געפיהלען. רעדט ער פון ליעבע צו גאָט, געברויכט ער דעם אויסדרוק: „ואהבת את יהוה אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך“ (און דו זאָלסט ליעב האָבען גאָט דיין גאָט מיט דיין גאַנצען האַרצען און מיט דיין גאַנצער נשמה און מיט דיין גאַנצען ז ע ה ר—ז ע ה ר). דיזעלביגע שטאַרקייט פון געפיהלען געפינען מיר אויך אין דעם שיר השירים: „כי עזה כמות אהבה, קשה כשאול קנאה“. (שטאַרק ווי דער טויט איז די ליעבע, שווער ווי אַן אָבגרונד איז איפּערזוכט). און טויזענדער, טויזענדער ביישפּיעלען קען מען ברענ־

גען כדי צו בעלייכטען די ענגע און טיעפע אָרט פון יודישען פיהלען, וועל־
כע ברענגט דערצו, אַז דער יוד איז בטבע אַ פאַנאַטיקער, וואָס קען זיך
ניט פאָרשטעלען, עס זאָלען קענען זיין אַנדערע זאַכען, וואָס זענען
אויך ווערט, מען זאָל זיי ליעבען אָדער האַסען, אַ חוץ די, וועלכע ער
ליעבט און האַסט.

מיט דעם יודישען ווילען איז שוין די זאַך ניט אַזוי פשוט, ווי
מיט דעם יודישען שכל און יודישען פיהלען. פון איין זייט האָבען
שוין די תלמוד׳יסטען בעמערקט, אַז דאָס יודישע פאָלק איז אַ
לייכטזיניג פאָלק: „עמא פזיזא ישראל", זייער ווילען שפּרינגט
פלוצלונג איבער פון איין זאַך צו דער אַנדערער: „טובעין למשכן
ונותנין, טובעין לעגל ונותנין",—בעט מען ביי זיי אויף דעם משכן—
גיבען זיי אוועק אַלץ, בעט מען ביי זיי אויף דעם עגל,—גיבען זיי
אויך אַלץ אוועק.

פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט שוין דער חומש בעמערקט,
אַז דאָס יודיש פאָלק איז אַ האַרטנעקיג פאָלק, אַן „עם קשה עורף",
ד. ה. אַזאַ פאָלק, וועמענ׳ס ווילען עס לאָזט זיך ניט בויגען, וואָס
זעצט דורך זיין ווילען כמעט אויף דעמזעלביגען אופן, ווי ער פיהרט
דורך זיין געדאַנק און זיין געפיהל, ד. ה. אין איין שמאָלער, גראַדער
ליניע, וואָס לויפט צו איין איינציגען פונקט, אויף וועלכען ער קאָנ־
צענטרירט אַלע פייערען פון זיין ענערגיע.

ווי מיר דוכט, איז דאָ אייגענטליך קיין סתירה אין דעם יו־
דען׳ס אָרט צו ווּעלען ניטאָ. דער קשה ערף איז אויך דאָ דער
גרונד־כאַראַקטער, דאָסזעלביגע שמאָלע, טיעפע און ברענענדיגע
שטרעבען צו איין איינציגען פונקט. איך רעכען דאָס דערפאַר, ווייל
דער ווילען איז פּסיכיש צו שטאַרק צונויפגעוואַקסען מיט דעם דענ־
קען און דעם פיהלען. כדי איך זאָל עפּעס ווּעלען, מוז איך וועגען
דעם דענקען, האָבען אַ פאָרשטעלונג פון דעם, און איך מוז עס ליע־
בען, ד. ה. בעגיסען עס מיט מיין געפיהל. אַ שמאָלער און טיעפער
דענקען, צונויפגעשמאָלצען אין איינעם מיט אַן ענגען און טיעפען
פיהלען, מוז אַרויסרופען אַ קשה־עורף׳דיגען ווילען. די לייכטזי־
ניגקייט, די פּזיזא׳קייט, שטאַמט אפשר דערפון, וואָס די מאַסען,

דער המון, האָבען נאָך ניט אין גאַנצען ארומגענומען דעם ענין, צו וועלכען זיי זיינען צוגעשטאַנען. ניט דעם עגל און ניט דעם משכן האָבען זיי נאָך ניט דורכגעבערענט מיט זייער שכל־ברענגלאָז און ניט גוט אריינגענומען אין איהר אייגענעם ענגען און טיעפען געפיהל. והא ראיה: כל זמן דאָס יודישע פאָלק האָט נאָך ניט אריינגענומען אין זיין שכל און זיין האַרצען דעם קולט פון דעם איין איינציגען יודישען גאָט, פלעגט ער אומשפרינגען פון איין עבודה זרה צו דער אַנדערער. קוים אָבער איז איהם זיין רעליגיעזער געדאַנק געוואָרען קלאָר פאַר'ן שכל און איז איינגעבאַקען געוואָרען ביי איהם אין האַרצען, האָבען טויזענדער יאָהרען ניט געקענט שוואך מאַכען זיין ווילען פון צו קעמפפען פאַר איהם, פון צו בלייבען איהם טריי.

אָט אָ די שמאָלע און ענגע טיעפקייט, וואָס מיר קענען בעמערקען כמעט אויף אַלע פעלדער פון יודישען דענקען, יודישען פיהלען און יודישען טאָן, איז אַ פועל יוצא פון זיין פסיכאָ־פיזישער אָרגאַניזאַציע און איז אַ בעשטימטע בעשאַפונגס־פאָרם, וואָס מוז איבערארבייטען אויף אַ בעזונדער אופן יעדען מאַטעריאַל, וואָס ער נעמט אויף פון דער ארומיגער וועלט און וואָס רופט ארויס די אַרבייט פון זיין דענקען, פיהלען און ווען,.— אַלץ איינס, אין וואָס עס זאָל ניט בעשטעהן דער אינהאַלט פון דעם מאַטעריאַל.

II.

בעטראַכטען מיר אַלץ, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס געזאָגט, קען מען, דאַכט זיך, געבען אָט וואָס פאַר אַן ענטפער אויף דער שאלה, וואָס איז אזוינס אַ נאַציאָן:

א נאַציאָן איז אַ גרופע פון מענשען, וואָס האָט אין אַ משך פון פיעלע דורות פערענטפערט אַלע קולטורעלע שאלות פון דער מענשהייט צוליעב זיך אַליין, דערביי פערענטפערט איינציגע פון די קולטורעלע שאלות אַנדערש, ווי דאָס טוען אַנדערע גרופען פון מענשען, מיט וועלכע זי טרעפט זיך צונויף, אָדער מיט

וועלכע מען פערגלייכט זי, און וואָס האָט דעריבער אויסגעארבייט בעזונדערע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען, אַ בעזונדערען „נאַציאָנאַלען" גייסטיגען און קערפערליכען טיפּ, וואָס געהט איבער פון דור צו דור.

נעמען מיר פאַנאַנדער די נאָר וואָס געגעבענע פאָרמעל, געפינען מיר, אַז דער עצם נאַציאָנאַליטעט בעשטעהט אָט פון וועלכע נויטוועגדיגע מאָמענטען.

ערשטענס, דער מאָמענט פון אָבגעזונדערטקייט און זעלבסטשטענדיגקייט (אַ נאַציאָן איז אַ גרופּע פון מענשען, וואָס האָט אין אַ משך פון אַ לאַנגער קייט פון דורות פערענטפערט אַלע קולטורעלע שאלות פון דער מענשהייט, פריהער פאַר אַלץ פאַר און צוליעב זיך אַליין).

צווייטענס, דער מאָמענט פון קולטורעלער פערשידענקייט (אַ נאַציאָנאַליטעט איז אַ גרופּע פון מענשען, וואָס פערענטפערט אַלע פראַגען פון דער קולטור אָדער לכל הפחות איינינע פון זיי אַנדערש, איידער דאָס טוען אַנדערע גרופּען, מיט וועלכע מען פערגלייכט זי).

און צום סוף, דער דריטער מאָמענט, דער מאָמענט פון פּסיכאָ־פיזישער אָריגינאַליטעט (נאַציאָנאַליטעט איז אַזאַ גרופּע פון מענשען, וואָס האָט אין דעם משך פון יאָהרען געלעבט אין דערזעלביגער פּסיכישער אטמאָספערע פון ווירקען איינער אויף דעם אַנדערן און נאָכטאָן איינער דעם אַנדערן, און וואָס האָט דעריבער אויסגעארבייט אין זיך געוויסע שאַטירונגען אין איהר דענקען, איהר וועלען און אין איהר אַרט פון פיהלען, — שאַטירונגען, וואָס געהען איבער בירושה פון עלטערן צו קינדער).

די אַלע דריי מאָמענטען פון אַ נאַציאָנאַליטעט, — אָבגעזונדערטקייט און זעלבסטשטענדיגקייט, פערשידענאַרטיגקייט אין דער קולטור־אַרבייט און אָריגינאַליטעט פון דער פּסיכאָ־פיזישער

בעשאַפונגס־פאָרם, — זענען נויטיג ארויסצוברענגען דאָס, וואָס מיר רופען אָן אַ נאַציאָן.

לויט אונזער פאָרמעל קען מען עטוואָס פּינקטליכער אויס־טייטשען דעם אינהאַלט פון אַ סך ווערטער, וואָס מען געברויכט, ווען מען רעדט וועגען נאַציאָנאַלע ערשיינונגען. רעדט מען, למשל, וועגען נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, איז דער טייטש דערפון, אַז איין נאַציאָנאַלע גרופּע צווינגט די אַנדער נאַציאָנאַלע גרופּע צו פער־ענטפערען עטליכע אויפגאַבען פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קול־טור אין איינעם מיט איהר און אויף איין שטייגער, ווי זי. אַ נאַ־ציאָנאַלע פעראייניגונג קומט יעמאָלט פאָר, ווען איינינע נאַציאָנאַלע גרופּען זעהען איין, אַז זיי שיידען זיך ווענינער אָב איינע פון דער אַנדערער, איידער יעדע פון זיי שיידט זיך אָב פון די אַרומיגע מעהר פרעמדע נאַציאָנען, און דעריבער נעמען זיי פרייוויליג אויף זיך צו פערענטפערען אַלע פּראָבלעמען פון דער אַל־געמיין־מענשליכער קולטור אין איינעם און צוליעב זיך אַליין. אויב עס איז אמת, וואָס מיר זאָגען דאָ וועגען נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און נאַציאָנאַלע פעראייניגונג, האָט מען אייגענטליך געדאַרפט די אַלע איצטיגע פּאַנסלאַוויסטישע, פּאַנגערמאַניסטישע און פּאַנראָ־מאַנישע בעוועגונגען גיכער פערשרייבען אויף דעם חשבון פון נאַ־ציאָנאַלע אונטערדריקונג, איידער בעטראַכטען זיי, ווי ערשיינונגען פון נאַציאָנאַלע פעראייניגונג. ווייל זיי ווילען דערגרייכען זייער ציעל ניט דורך אַ פרייוויליגען אָבמאַך צווישען אַלע סלאַווישע פעלקער, זיי זאָלען זיך צונויפגיסען אין איין סלאַ־ווישע נאַציאָן, אָדער צווישען אַלע גערמאַנישע און ראָמאַנישע פעל־קער, זיי זאָלען זיך צונויפגיסען — די ערשטע אין אַ גערמאַנישע, די צווייטע אין אַ ראָמאַנישע נאַציאָן. וואָס זיי ווילען איז, אַז די הער־שענדע סלאַווישע, גערמאַנישע אָדער ראמאַנישע נאַציאָן זאָל מיט געוואַלט צווינגען די שוואַכערע פעלקער פון איהר ראַסע, צוצושטעהן צו איהר. אַ געמישטע אָדער אַ פּאָליטישע נאַציאָן האָ־בען מיר דאָרטען, וואו איינינע נאַציאָנאַלע גרופּען מאַכען אָב פריי־וויליג צווישען זיך אין איינעם צו פערענטפערען צוליעב זיך אַליין

נאָר איין איינציג פּראָבלעם פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, — דאָס פּראָבלעם פון לעבען אין איין מדינה אונטער איין שטאַטליכער פערוואַלטונג מיט איין אַלגעמיינער פּאָליטיק. אַזאַ געמישטע נאַציאָן איז, צ. ב., דאָס שווייצאַר־פּאָלק, וואָס בעשטעהט פון פיער בעזונדערע פעלקער: דייטשען, פראַנצויזען, איטאַליענער און רעטאָ־ראָמאַנער. אַלע פיער פעלקער בויען זייער אייגענע קול־טור צוליעב זיך אַליין. נאָר אין איין איינציגען פּונקט גיסען זיי צונויף זייער פערשיעדענעם ווילען, — אין דעם פּונקט פון אַלגע־מיינע מדינה־ענינים. אַן אינטערנאַציאָנאַלער צווישען־פעלקערליכער אָבמאַך ווערט בעשאַ־פען דאָרטען, וואו פיעלע זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנען זיינען זיך מתחיב איינע פאַר דער אַנדערער צו פערענטפערען די אָדער יענע שאלות פון דער קולטור (צ. ב., ארבייטער־געזעצגעבונג, ענינים פון פּאָסט און אייזענבאַהן, א. ז. וו.), יעדע איינע פאַר זיך אַליין, נאָר אויף א בעשטימטען פאַר אַלעמען גלייכען שטייגער, וואָס קען צו־לאָזען געוויסע אבטרעטונגען רעכטס און לינקס, נאָר אין גאַנץ בע־שטימטע גרעניצען. די אָבטרעטונגען זענען מעהר אָדער וועניגער קלאָר ארומגערעדט אין דעם צווישען־פעלקערליכען אָבמאַך.

איצטער לאָמיר זיך אומקעהרען צו אונזער ענין.

פון די דריי מאָמענטען, וואָס מיר רופען אָן דעם עצם פון א נאַציאָנאַליטעט, מוזען ארויסוואַקסען דריי פערשיעדענע ארטען פון נאַציאָנאַלע אינטערעסען. ערשטענס, די אינטערעסען פון דער נאַ־ציאָנאַלער אונאבהענגיגקייט, צווייטענס, די אינטע־רעסען פון נאַציאָנאַלע פערשיעדענהייט, און דריטענס, די אינטערעסען פון די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען.

א) די אינטערעסען פון נאַציאָנאַלער אונאבהענגיגקייט האָבען אין זינען נאָר איין ציעל: צו פערענטפערען אַלע פּראָבלעמען פון דער קולטור און בפרט דאָס פּראָבלעם פון לעבען אין איין מדינה מעהר ניט, ווי פאַר זיך גופא און צוליעב זיך גופא. דערביי איז דעם פּאָלק קיין דאגה ניט, צו וועט דער אינערליכער אינהאַלט פון זיינע ענט־פערס אויף אַלע פעלדער פון דער קולטור צונויפפאַלען מיט די

גרונד־עלעמענטען פון דעם קולטורעלען לעבען ביי אנדערע פעלקער, אָדער ניט. נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, וואָס זאָלען האָבען אין זינען די אינטערעסען פון זעלבסטשטענדיגקייט, און נאָר זיי אַליין זענען זעהר זעלטען אין דער געשיכטע. צו די אינטערעסען פון אונאבּ־הענגיגקייט מישט זיך כמעט שטענדיג צו א גרויסער טייל פון בע־שטימטע אנדערע קולטורעלע אינטערעסען — עקאָנאָמישע, רעכט־ליכע, רעליגיעזע א. ז. וו., וואָס קענען בעסער צופריעדען געשטעלט ווערען, ווען דאָס פאָלק זאָל בעקומען א נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענ־דיגקייט.

בעת די נאָרד־אַמעריקאנישע קאָלאָניעס האָבען זיך געראנגעלט מיט ענגלאנד פאר זייער בעפרייאונג פון אונטער ענגלאַנד'ס הער־שאפט, האָבען זיי געוואָלט דערמיט שאפען פאר זיך אזא לאגע, וואו זיי וואָלטען קענען פערענטפערען א סך פּראָבלעמען פון דער קולטור בעסער, איידער זיי וואָלטען דאָס געקאָנט טאָן, בלייבענדיג טריי דער ענגלישער מדינה. פון דעסטוועגען קען מען זאָגען, אז אין דעם פּרט פון נאַציאָנאַליטעט האָבען זיי זיך כמעט אין קיין זאך יע־מאָלט ניט אָבגעשיידט פון די ענגלענדער, און זייער ברען אויפ־צובויען אַן אייגענע נאציאָן קען ניט ערקלערט ווערען דורך דעם מאָמענט פון נאַציאָנאַלער פערשיעדענקייט. ער מוז דעריבער צוגעצעהלט ווערען צו יענע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, וואָס האָבען אין זינען נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט און שטאַמען נאָר אָט פון דעם אַרט נאַציאָנאַלע אינטערעסען.

ב) די אינטערעסען, וואָס וואקסען ארויס פון דעם צווייטען נאַציאָנאַליטעט'ס מאָמענט, דעם מאָמענט פון נאַציאָנאַלער פערשיע־דענקייט, טרעטען ארויס אָפען דאָרטען, וואו א נאַציאָנאַלע גרופּע אָדער איין טייל פון איהר קאָנצענטרירט אַלע איהרע כחות אויף אָבצוהיטען א בעשטימטען אינהאַלט פון איהר קולטור, כדי ער זאָל ניט געהן לאיבוד דורך די שעדליכע ווירקונגען פון די ארומיגע פעל־קער און קולטורען. זעהר אָפט איז דערביי ניט גענוג צו פערטיי־דיגען און אָבצוהיטען דאָס, וואָס איז פאראַן. אָפטמאָל קומט אויס, אז עס איז נויטיג ווייטער צו ענטוויקלען און לאָזען פאנאנדערוואק־

סען זיך אייניגע צווייגען פון דער אייגענער קולטור, איינציג צוליעב דעם, כדי צו בעפרידיגען די אינטערעסען פון דער נאציאָנאלער פער־שיעדענקייט, דאָס הייסט מאכען, אז די פערשיעדענקייט, מיט וועל־כער איין פאָלק שיידט זיך אָב אין זיין קולטור פון אנדערע פעל־קער, זאָל ארויסקומען נאָך מעהר בולט און נאָך מעהר ווארפען זיך אין די אויגען.

דאָס בעשטרעבען איינצושטעלען זיך פאר די אינטערעסען פון דער נאציאָנאלער פערשיעדענקייט, זעהען מיר אָפט דאָרטען, וואו א פאָלק שטעהט אין דער געפאהר אסימילירט צו ווערען פון א פרעמ־דער נאציאָנאלער סביבה. עס מוז זיך אָנכאַפּען פאר פער־שיעדענע מיטלען, כדי אויף א קינסטליכען אופן אָבצוהיטען אָדער נאָך שטארקער צו מאכען יענעם סימן, לויט וועלכען ער שיידט זיך אָב אין דעם געגעבענעם היסטאָרי־שען מאָמענט פון די געגעבענע פעלקער, וואָס רינגלען איהם ארום. אזוי ווי דער עצם פון נאציאָנאליטעט האָט זעהר ווע־ניג וואָס צו טאָן מיט דעם אָדער יענעם בעשטימטען אינהאלט פון דער קולטור און קען אין גאנצען אויסגעדריקט ווערען אין דעם מאָ־מענט פון זעלבסטשטענדיגקייט, דעם מאָמענט פון וועל־כער עס איז פערשיעדענקייט און דעם מאָמענט פון א פרייען פעלד פאר דער ארבייט פון די נאציאָנאלע שאפונגס־פאָר־מען, קען דאָסזעלביגע פאָלק אין זיין קאמפף פאר נאציאָנאלער עקזיסטענץ אָנכאפּען זיך אָן פערשיעדענע מיטלען, כדי אָבצוהיטען אָדער שטארקער צו מאכען זיינע נאציאָנאלע סימנים. עס ווענדט זיך אין דער נאציאָנאלער סביבה, פון וועלכער דאָס פאָלק וויל זיך נאציאָנאל אָבגרענעצען. די גריכישע איינוואָהנער פון די קליין־אזיאטישע שטעדט, וואָס האָבען שוין פערלאָרען זייער נאציאָנאלען לשון, זעהן מיט א כיון צו קולטווירען זייער נאציאָנאלע רעליגיאָן. זיי געברויכען דעם גריכישען אלף־בית, כדי צו געבען א נאציאָנאלען פנים זייערע געבעט־ביכער, וואָס זיינען פערפאסט אין דער טערקישער שפּראַך. אָבער אנדערע גריכען, וואָס האָבען ניט פער־לאָרען זייער לשון און וואָס וואָהנען אין א לאנד מיט א גריכיש־

אָרטאָדאָקסישער רעליגיאָן, צ. ב., אין רוסלאַנד אָדער רומעניען, וועלען וועניגער דאגה'ן פאר זייער רעליגיאָן און מעהר טראכטען וועגען די אָבהיטונג פון זייער שפּראַך. די קראָאַטען, ווען זיי ווילען זיך נאַציאָנאַל אָבגרענצען פון די סערבען, רוקען ארוים זייער קאַטוילישע רעליגיאָן און זייער לאַטיינישען אלף־בית, ווייל אין אַלע אַנדערע פּונקטען זענען זיי כמעט גלייך צו די סערבען. פון דער אַנדערער זייט אָבער, בעת דיזעלביגע קראָאַטען קעמפּפען אנקעגען די מאַדיאַרען (וועננערען), וואָס האָבען דיזעלביגע קאַטוילישע רעליגיאָן און דעמזעלביגען לאַטיינישען אלף־בית, ווי זיי, ווייזען זיי אויף אויף זייער סלאַווישען קראָאַטישען לשון.

אומעטום, וואו פעלקער שטעלען זיך איין פאַר די בעזונדערקייטען פון זייער קולטור אוים ריין־נאַציאָנאַלע טעמים, אויב צו די טעמים מישען זיך ניט צו קיין אַנדערע ריין־קולטורעלע השערות; וואו די נאַציאָנאַלע בעזונדערקייטען זיינען טייער, הייסט עס, מעהר ניט דערפאר, וואָס זיי זיינען אייגענע בעזונדערקייטען, — דאָרטען ווערען די אינטערעסען פון די נאַציאָנאַלע בעזונדערקייטען אין דעם לעצטען סך־הכל צוריקגעפיהרט צו איין איינציגער שטרעבונג: אָבצוהיטען די נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ. פעלקער, וואָס האָבען פערלאָרען די זעלבסטשטענדיגע פּאָליטישע עקזיסטענץ, זיינען גענויטיגט אויף א בעזונדער אופן צו דאגה'ן וועגען א וואָס'ערע עס איז בעזונדערקייט אין זייער קולטור, מיט א כיון שטאַרקער מאַכען זי און אויף אזא אופן בלייבען אָבגעשיידט פון די אַרומיגע פעלקער. „ארומגערינגעלט מיט פּראָווינצען פון דער רוימישער מלוכה, וואָס זענען געווען אָנגעזאפּט מיט דער רוימישער קולטור, האָבען די גערמאַנישע פעלקער,“ שרייבט ניטש, „מיט אַ כיון געהאַלטען זיך פאר זייערע זיטען און פאר די דעמאָקראטישע פּשטות פון זייער זיין אויף דער וועלט. *)

אַז די יודען האָבען פערלאָרען זייער נאַציאָנאַלע טעריטאָריע,

---

*) R. W. Nitzsch, Geschichte des deutschen Volkes, Bd. I, S. 65.

דעם גרעסטען און דעם שטאַרקסטען פאַקטאָר, וואָס היט אָב אַ נאַציאָנאַליטעט, האָבען זיי אויסגעאַרבייט אַ תלמוד'יש רבני'שע געזעצגעבונג, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס פאָלק מיט אַ נעץ פון קליינליכע דינים און מנהגים, און אויף אַזאַ אופן אָבגעהיט דאָס פאָלק פון צונויפגיסען זיך מיט אַרומיגע פעלקער. *)

דער ביישפּיעל מיט דעם יודישען פאָלק בעווייזט, ווי אַזוי ריין־נאַציאָנאַלע דאגות קענען געהן להיפּך צו די אינטערעסען פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור אין דעם לעבען פון אַ פאָלק. אָבהיטען און שטענדיג בויען אַ געוויסען געדאַנק אָדער אַ געוויסען סיסטעם פון סאָציאַלע אינסטיטוציעס קען פיהרען דערצו, אַז דער פּראָגרעס פון דער מענשהייט אין יענע פעלדער פון דער קולטור, וואו די אַלגעמיין־מענשליכע בעשאַפונגס־פאָרמען דיקטירען פאַר דער גאַנצער מענשהייט דיזעלביגע פערבעסערונגען אין זייער לעבען, זאָל אַריבעריאָגען די צוריקגעבליבענע קולטור פון אַ פאָלק און זאָל צווינגען דאָס פאָלק נאָך מעהר צו בעשטעהן אויף איהר רעאַקציאָנערען שטאַנדפּונקט. דאָס זעלביגע ביישפּיעל פון דעם יודישען פאָלק בעווייזט אָבער אויך, אַז דאָס בעסטע מיטעל צו קעמפּפען אַנקעגען רעאַקציאָן און פערשפּעטיגטקייט אין דעם קולטורעלען לעבען קען ניט בעשטעהן אין דעם קאַמפּף אַנקעגען דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ גופא פון דעם פאָלק; דאָס איינציגע מיטעל צו קעמפּפען אַנקעגען רעאַקציאָן איז אַריינצופיהרען אין לעבען פון דעם פאָלק אַזוינע פאַקטאָרען צו דערהאַלטען זיין נאַציאָנאַליטעט, וואָס זאָלען ניט געהן להיפּך מיט דעם פּראָגרעס פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור און וואָס זאָל אויף אַזאַ אופן בעפרייען דאָס פאָלק פון דער טרויעריגער נויט בעצאָהלען פאַר אַ נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ מיט דעם מקח פון צוריקגעבליבענקייט אין דער קולטור. פון דעם מאָמענט אָן, ווען עס האָט זיך בעוויזען אין לעבען און זיך

*) מעהר וועגען דעם זעה מיין אַרבייט: Мысли объ историческихъ судьбахъ еврейства. Москва, 1887.

געשטעלט אויף איהרע אייגענע פיס די יודישע ליטעראַטור אין דער לעבעדיגער יודישער שפּראַך, קענען די יודישע פאָלקס־מאַסען אָנ־לענען זיך אָן אַ נייעם דערהאַלטונגס־פאַקטאָר פון זייער נאַציאָנאַלי־טעט און אין גאַנצען אָבזאָגען זיך פון די פעראַלטעטע תלמוד׳ישע פונדאַמענטען פון דעם פאָלקס־לעבען. די היסטאָרישע פעריאָדע, וואָס ווערט איצט דורכגעלעבט פון דעם יודישען פאָלק, בעשטעהט אין דעם, וואָס די יודישע פאָלקס־מאַסען זוכען צו פערבייטען דעם היסטאָריש־רעאַקציאָנערען פאַקטאָר פון זייער לעבען אויף אַ היסטאָריש־פּראָגרעסיווען. דער פּראָצעס שפּיעלט זיך אָב אין רוסלאַנד און גאַליציען אזוי גוט, ווי אין די יודישע געטאָס פון אַמעריקא.

ג) די אינטערעסען פון דער נאַציאָנאַלער אונאבהענגיגקייט האָבען מיר געזאָגט, טראַכטען נאָר וועגען איין זאַך: אז דאָס פאָלק זאָל אַליין מיט זיינע אייגענע הענד אויפבויען דעם גאַנצען בנין פון זיין קולטור צוליעב זיך אַליין. די אינטערעסען פון נאַציאָנאַלער פערשיעדענקייט ליגען, האָבען מיר ווייטער געזעהן, אין דער שטרע־בונג אָבצוהיטען און צו ענטוויקלען גאַנץ בעשטימטע ענטפערם אויף גאַנץ בעשטימטע שאלות פון קולטורעלען לעבען. די אינטערעסען פון דעם דריטען מאָמענט פון נאַציאָנאַליטעט — פון די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־כחות אָדער פאָרמען — האָבען פאַר זייער ציעל צו בע־שאַפען אזא געזעלשאַפטליכע און קולטורעלע סביבה, וואָס זאָל זיי געבען די מעגליכקייט זיך פריי און אָהן מניעות צו ענטוויקלען, כדי זיי זאָלען קענען ארויסברענגען אַלץ, וואָס אין זיי ליגט פערבאָרגען און צו יעדער צייט דערגרייכען דעם העכסטען שטאַפּעל פון זייער בעשאַפונגס־קראַפט.

איצטער קענען מיר אַוועקשטעלען די פראַגע: ווי שטעלען זיך צו די דריי גרונד־אינטערעסען פון נאַציאָנאַלען פּרינציפּ דער קאָס־מאָפּאָליטיזם, דער נאַציאָנאַליזם און דער אינטערנאַציאָנאַליזם?

דער קאָסמאָפּאָליטיזם רעכענט זיך לגמרי ניט מיט דעם, וואָס עס זענען דאָ נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען, און טראַכט נאָר ווע־גען איין זאַך — וועגען דעם אַלגעמיין־מענשליכען אינהאַלט פון דער

קולטור. פאר איהם זענען וויכטיג נאָר די אינטערעסען פון די געזעלשאפטליכע פונקציעס, ווי מיר האָבען זיי דערקלערט אויבען, דעריבער וויל ער איבערהויפּט ניט וויסען פון וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע אויפגאבען.

צוריק, דער נאציאָנאַליזם לייקענט לגמרי אָב, עס זאָל זיין אויף דער וועלט אזא זאך, ווי אַלגעמיין־מענשליכע קולטור, און דרינגט מיט זיין גאנצער קראפט אויף דעם בעוויז, אז די נאציאָנאַלע קולטורען זענען פערשיעדען איינע פון דער אנדערער אין רעליגיאָן, פּאָליטיק, זיטען א. ז. וו. ער גלויבט ניט אין אויפגאבען פון רעליגיאָן בכלל, פּאָליטיק בכלל, פילאָזאָפיע בכלל, סאָציאלע לעבען בכלל, וועלכע זאָלען זיין די איינגענע ביי אַלע מענשען. ער רעכענט זיך נאָר מיט די בעשטימטע נאציאָנאַלע פערענטפערונגען פון די אַלע קולטורעלע פּראָבלעמען. דעריבער קען דער ענטפער, וואָס דער נאַציאָנאַליזם גיט אויף דער נאציאָנאַלער שאלה, אזוי פאָרמולירט ווערען: קודם כל מוז א פאָלק זעהן צו דערגרייכען נאציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט, און דאָרטען, וואו זי איז שוין דאָ, דארף דאָס פאָלק פערשטארקען זיין זעלבסטשטענדיגקייט דורך נאציאָנאַלע אונטעריאָכונג פון אנדערע פעלקער, — און דערנאָך איז נויטיג אָבצוהיטען דעם אינהאלט פון זיין קולטור פון אַלע ווירקונגען, וואָס די ארומיגע פעלקער האָבען געקענט האָבען אויף איהר: מען דארף שארפער און בולט'ער אויסארבייטען די סימנים, דורך וועלכע זי שיידט זיך אָב פון די אנדערע קולטורען און, אויף וויפיעל עס איז נאָר מעגליך, אריינטראָגען די סימנים אין דאָס לעבען פון די ארומיגע פעלקער, כדי אויף אזא אופן צוברעכען דעם שכן'ס קאָנקורירענדע און אסימילירענדע מאכט.

דער אינטערנאציאָנאַליזם אָבער, אויב מען פערשטעהט ריכטיג זיין מיין, זייענדיג א העכערע צונויפגיסונג פון די צוויי היפכים פון נאציאָנאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם, גיט צו, אז עס איז דאָ איין אַלגעמיין־מענשליכע קולטור, אָבער אין דערזעלביגער צייט לייקענט ער בשום אופן ניט אָב די גאנצע וויכטיגקייט פון די נאציאָנאַלע בעשאפונגס־כחות אָדער פאָרמען. דעריבער זעהט ער צו פערענטפע־

רען די נאַציאָנאַלע פראגע אויף אַזאַ אופן, אז עס זאָל יעדען פאָלק געגעבען ווערן די מעגליכקייט פריי פאנאנדערצואוויקלען אלע זיינע גייסטיגע קרעפטען און השלמות, כדי אנצופילען זיינע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען מיט איין אלגעמיין־מענשליכען אינהאלט.

דעריבער קעמפפט דער אינטערנאַציאָנאַליזם אומעטום פאר דער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט פון די פעלקער, ווייל נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט איז קודם כל נויטיג פאר דער פרייער ענטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־כחות.

# פיערטער קאפיטעל.

## די קריטיק פון קאָסמאָפּאָליטיזם און נאַציאָנאַליזם.

### I.

אין דעם דריטען קאַפּיטעל האָבען מיר געזוכט צו שילדערן די דריי פּרינציפּען, וואָס הערשען אין דער נאַציאָנאַלער פראגע. מיר מוזען איצטער דורכנעמען און אנאַליזירען יענע וויכטיגע וויסענשאַפטליכע טעמים, וועלכע דער קאָסמאָפּאָליטיזם און דער נאַציאָנאַליזם האָבען ארויסגעשטעלט, כדי צו פערשטארקען זייערע גרונדלעהרען. ערשט יעמאָלט וועלען מיר זיין אין דער לאַגע צו פערטפערען די שאלה, צו וועמען פון זיי שטעהט צו דער סאָציאליזם. דער קאָסמאָפּאָליטיזם, בעת ער קעמפּפט טעאָרעטיש אנקעגען דעם נאַציאָנאַליזם, איז נוטה אין גאנצען אָבצולייקענען דעם נאַציאָנאַלען פאַקטאָר אין דעם איצטיגען לעבען. איהם וואָלט זיך גריילּיך געוואָלט וויסעשאַפטליך בעווייזען, אז נאַציאָנען, ווי בעזונדערע אַנטראָפּאָלאגישע ערשיינונגען, זענען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. „איצטער זענען ניטאָ קיין נאַציאָנאַליטעטען; עס זענען דאָ מעהר ניט ווי פּאַרטייען“, האָט נאָך מעהר איידער 50 יאָהר צוריק געשריעבען היינריך היינע. אָט דער אויסרוף פון דעם ליבעראלען קאָסמאָפּאָליטיזם איז אריבערגעגאַנגען אויך אין סאָציאליסטישען קאָסמאָפּאָליטיזם מיט דער איינציגער נפקא מינה, וואָס ער זאָגט אָנשטאָט „פּאַרטייען“ — „קלאַסען“. „ניטאָ קיין נאַציאָנאַליטעטען, עס זענען דאָ נאָר קלאַסען“, טענה'ט דער סאָציאליסטישער קאָסמאָפּאָליטיזם. דעריבער איז ער נוטה אין יעדער נאַציאָנאַלער בעוועגונג צו זעהן א פערמאַסקירטען קלאַסענקאַמפּף צווישען דער בורזשואזיע און דעם פּראָלעטאריאַט.

ווי שארף עס זאָלען זיך ניט פאַנאַנדערגעהן די וועגען פון קאָס־מאָפּאָליטיזם און נאַציאָנאַליזם אין זייער פּראַקטישער לעבענס־אר־בייט, פליסען דאָך זייערע טעאָרעטיש־וויסענשאַפטליכע טעמים פון דעמזעלביגען מקור — פון זייער בליק אויף דעם עצם־בעגריף פון נאַציאָנאַליטעט. זיי ביידע נעמען אָן דעם געדאַנק פון נאַציאָנאַליטעט, ווי אן אבסאָלוטען געדאַנק; פאר זיי איז א נאַ־ציאָנאַליטעט א גרופּע פון מענשען, וועלכע האָבען גלייכע סימנים, וואָס בלייבען אָהן א שום שנוי צו אלע צייטען און אונטער אַלע אומשטענדען. אין די סימנים דאַרף מען, נאָך זייער ביידענ׳ס מיינונג נאָך, זוכען דעם תמצית פון נאַציאָנאַליטעט.

דער קאָסמאָפּאָליטיזם האָט דעריבער געוואָלט מיט אלע זיינע וויסענשאַפטליכע כחות בעווייזען, אז די אלע סימנים, אויף וועלכע מען ווייזט אָן, אז נאָך זיי קען מען דערקענען א נאַציאָנאַלי־טעט, האָבען אין זיך קיין ברעקעל נאַציאָנאַלע ממשות ניט. ניט די שפּראַך, ניט אַן אייגענע טעריטאָריע, ניט די רעליגיאָן, ניט היסטאָ־רישע טראַדיציעס, זענען ניט ביכולת אויפצובויען א נאַציאָנאַלי־טעט. ענגלענדער, אירלענדער און אַמעריקאנער רעדען אויף דער־זעלביגער שפּראַך; שפּאַניער און פראנצויזען האָבען דיזעלביגע רע־ליגיאָן; פּוילען און רוסען לעבען אין דערזעלביגער מדינה, וואָס פערנעמט איין טעריטאָריע, א. ז. וו. אפילו די געמיינ־שאַפטליכע אָבשטאַמונג, וואָס דער נאַציאָנאַליסט האָט געהאַלטען פאר דעם בעסטען סימן פון נאַציאָנאַליטעט, האָט דער קאָסמאָפּאָליט אויך אָבגעלייקענט דערפאר, ווייל איצטער האָ־בען מיר איבערהויפּט ניט אזעלכע פעלקער, וואָס וואָלטען קענען גרויסהאַלטען זיך מיט א ריינער, ניט צונויפגעמישטער אָבשטאַ־מונג. אַלע איצטיגע קולטור־פעלקער, צ. ב., זענען א צונויפמישונג פון גאַלישען, רָאמאַנישען, קעלטישען, גערמאַנישען און סלאווישען בלוט.

דער לעזער קען שוין אונזער בליק אויף נאַציאָנאַליטעט און ער ווייסט, אז נאָך אונזער מיינונג נאָך, איז דער בעגריף פון נאַ־

ציאָנאַליטעט ניט קיין אבסאָלוטער, נאָר א רעלאַטיווער, ד. ה. דער
עצם־נאַציאָנאַליטעט ליגט ניט אין יענע סימנים, וואָס אַלע מיטגליע־
דער פון א וועלכען עס איז פאָלק האָבען בשותפות און וואָס פער־
בינדען זיי צו א בעשטימטען סאָרט פון דעם מין „מענש" בכלל,
נאָר אין יענע סימנים, וואָס שיידען אָב איין פאָלק פון אַלע ארומיגע
פעלקער. דעריבער איז פאַר אונז ניט נויטיג אָבצושטעלען זיך
באריכות אויף דער קאָסמאָפּאָליטישער לעהרע וועגען נאַציאָנאַליטע־
טען. די לאָגישע קראַפט פון דער לעהרע קען מען גרינג בעלייכטען
מיט אייניגע נאָכגעמאַכטע משלים. האָט ראובן א בעשטימטע
קלאָר אויסגעשפּראָכענע פיזיאָנאָמיע? אויף דער שאלה מוזען מיר
אונטער אַלע אומשטענדען ענטפערן: „ניין". ווייל דער הויכער
דענקער־שטערן פון ראובן'ען געפינט זיך אויך ביי שמעון'ען; אקור־
ראַט אזעלכע בלאָע טרוימערישע אויגען געפינען מיר ביי לוי'ן; זיין
גריכישע נאָז איז א געטרייע קאָפּיע פון יהודה'ס נאָז, א. ז. וו.
א. ז. וו.

דער פעהלער, וואָס ליגט אין דער ארגומענטאַציע, ווארפט זיך
אין די אויגען. אפילו, אז מען זאָל אָננעמען, אז א נאַציאָנאַליטעט
איז א גרופּע פון מענשען, וואָס איז פערבונדען מיט א סכום אייביגע
סימנים, ליגט אויך יעמעאָלט איהר תוך ניט אין איין איינציגען
סימן, נאָר אין א בעשטימטער קאָמבינאַציע פון סימנים; ווי די
פיזיאָנאָמיע פון א מענשען בעשטעהט ניט אין איין איינציגען שטריך,
וואָס קען זיך געפינען ביי א סך פערשיעדענע מענשען, נאָר אין א
בעשטימטער קאָמבינאַציע פון אַלגעמיין־מענשליכע שטריכען.
אבסטראַקט אויסגעדריקט, קען דאָס הייסען אזוי: לאָז זיין, אז אַלע
מענשען האָבען א בעשטימטען סכום פון שטריכען: a,b,c,d,e,f,g,
אָבער איין מענש האָט פון זיי די קאָמבינאַציע: a, c, e, f,
דער אַנדערער מענש האָט די קאָמבינאַציע: b, d, f, g,
דער דריטער מענש האָט די קאָמבינאַציע: a, c, f,
א. ז. וו., א. ז. וו. אזוי איז אויך מיט די נאַציאָנאַליטעטען. איין
פאָלק האָט די קאָמבינאַציע: א בעשטימטע שפּראַך, געשיכטע און
רעליגיאָן; אַן אַנדער פאָלק האָט דיזעלבינע שפּראַך, נאָר אַן אַנדער

געשיכטע; א דריטעס פאָלק האָט דיזעלביגע רעליגיאָן, אָבער אן אנ־דער געשיכטע און אן אנדער שפּראַך, א. ז. וו.

א חוץ דעם ליגט אין דער גאַנצער קאָסמאָפּאָליטישער פּאָלע־מיק אנקעגען נאַציאָנאַליטעט אן אינוועניגסטע סתירה. כדי צו בע־ווייזען, אז עס זענען ניטאָ קיין נאַציאָנען, מוז זי זיך אָנלענען אויף דעם פאַקט, אז עס זענען דאָ פערשיעדענע נאַציאָנען. לאָמיר זיך גוט צוקוקען אָט צו דעם שטריך פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס ליגט פערבאָרגען אין זיין פּאָלעמיק געגען דעם נאַציאָנאַליזם. ער געהט ארויס מיט א טענה אנקעגען דעם נאַציאָנאַליזם און זאָגט: „איהר, נאַציאָנאַליסטען, גלויבט, עס זענען דאָ פערשיעדענע נאַציאָ־נען. זאָגט, אין וואָס בעשטעהט דער עצם — נאַציאָנאַליטעט?" „אין דער שפּראַך," ענטפערט, לאָמיר זאָגען, דער נאַציאָנאַליסט. — „אין דער שפּראַך? ניין! די שפּראַך קען ניט זיין קיין סימן פון נאַ־ציאָנאַליטעט. והא ראיה, אָט האָט איהר צוויי פערשיע־דענע נאַציאָנען — ענגלענדער און אמעריקאנער, וואָס רעדען איין שפּראַך". — „נו, טאָ וואָס ווילסטו?" קען אויף דערויף ענטפערן דער נאַציאָנאַליסט. „זאָגסטו דאָך אליין, אז עס זענען דאָ פערשיעדענע נאַציאָנען." דאָס זעלבע איז אויך מיט דער רע־ליגיאָן. „עס זענען ניטאָ קיין נאַציאָנען", זאָגט דער קאָסמאָפּאָליט, „ווייל עס איז ניטאָ קיין איין איינציגער סימן, נאָך וועלכען מען זאָל קענען אָבשיידען איין נאַציאָן פון דער אנדערער." — „עס זענען דאָ נאַציאָנען, און זייער סימן איז די רעליגיאָן." — „רעליגיאָן", ענט־פערט דער קאָסמאָפּאָליט, „קען ניט זיין קיין סימן פון נאַציאָנאַלי־טעט. ווייל אָט האָסטו צוויי פערשיעדענע נאַציאָנען — פראנ־צויזען און פּוילען, וואָס האָבען דיזעלביגע רעליגיאָן," — „זאָגסטו דאָך אליין, אז פראנצויזען און פּוילען זענען צוויי פערשיעדענע נאַציאָנען!" —

איך וויל, אז דער לעזער זאָל ניט מיינען, דער גאַנצער משל איז בלויז א וויציגער סאָפיזם פון אונזער זייט. ס'איז זעהר א טיעפער לאָגישער ארגומענט, און אויב מען זאָל איהם אויספיהרען וויסענשאַפטליך, דאַרף דער ויכוח אויסגעפיהרט ווערען אזוי:

„איך, דער נאַציאָנאַליסט, זאָג, אַז די שפּראַך איז דער סימן פון נאַציאָנאַליטעט; מענשען, וואָס רעדען איין שפּראַך, געהערען צו איין פאָלק". — „ווי אַזוי?" פּראָטעסטירט געגען דעם דער קאָסמאָפּאָליט. „אָט זענען דאָך ענגלענדער און אַמעריקאַנער, וואָס רעדען איין שפּראַך, צוויי פערשיעדענע נאַציאָנען". — „זיי זענען ניט קיין צוויי פערשיעדענע נאַציאָנען, זיי זענען איין נאַציאָן". — יעמאָלט בלייבט ביי דעם קאָסמאָפּאָליט קיין אַנדער ברירה ניט סיידען אַליין צו בעווייזען, אַז זיי זענען ניט איין נאַציאָן, נאָר צוויי פערשיעדענע נאַציאָנען, ד. ה. אַז נאַציאָנען זענען דאָ. וואָס איז דער לאָגישער פּועל יוצא אָט פון דעם גאַנצען סכסוך? דער פּועל יוצא איז דערפון, אַז דער קאָסמאָפּאָליט ווערט געצוואונגען אָנצונעמען דעם פאַקט, אין וועלכען קיין מענש איז ניט מסופק, אַז עס זענען דאָ אויף דער וועלט נאַציאָנען. פון דער אַנדערער זייט אָבער קען ער גאַנץ לייכט בעווייזען דעם נאַציאָנאַליסט, אַז ער, דער נאַציאָנאַליסט קען נאָך ניט וויסענשאַפטליך אָנווייזען, אין וואָס עס ליגט דער עצם נאַציאָנאַליטעט. און דאָס פערשטעהט זיך, איז שוין גאָר ניט קיין בעווייז געגען נאַציאָנאַליטעט; ווייל, ערשטענס, קען מען זאָגען, אַז נאַציאָנאַליטעט ליגט ניט אין איין סימן, נאָר אין אַ בעשטימטער קאָמינאַציע פון סימנים; צווייטענס, איז נאָך דאָ אַ סברא, וועלכען מיר האָבען אָנגענומען, אַז דער סימן פון ניציאָנאַליטעט ליגט ניט אַזוי אין בעשטימטע אויסערליכע סימנים, ווי אין די דריי אויבען־דערמאָנטע מאָמענטען פון זעלבסטשטענדיגקייט, פערשיעדענקייט און בעשטימטע פּסיכאָ־פיזישע בעשאַפונגס־כחות. און, סוף כל סוף, אויב אויך די טעאָריע זאָל זיך ארויסווייזען פאַלש, איז דאָס נאָך אויך ניט קיין בעוויז, אַז עס זענען ניטאָ קיין נאַציאָנען, נאָר אַ בעוויז, אַז די וויסענשאַפט איז נאָך לעת עתה ניט אין דער לאַגע און וועט אפשר קיין מאָל ניט זיין אין דער לאַגע קלאָר ארויסצוגעפינען דעם תוך פון נאַציאָנאַליטעט. פאַראַן אַ סך זאַכען אין דער וועלט, וואָס קיינער לייקענט זיי ניט, קען זיי ניט לייקענען, און וואָס מיר ווייסען פון דעסטוועגען פּאָרט ניט, אין וואָס עס בעשטעהט זייער תוך. נעמט, צ. ב., דעם רוים, די פערשפּרייטקייט, דעם אָרט,

וואָס יעדער פערנעמט אין דער וועלט. וואָס איז אזוינס רוים? די פילאָזאָפען חקרן'ען זיך וועגען דעם כמעט זינט עס האָט אויפ־געבליהט דער פילאָזאָפישער געדאַנק, און עד היום האָבען מיר נאָך ניט קיין תירוץ מספיק אויף דער שאלה. און וואָס איז אזוינס צייט? זעהר טיעף האָט בעמערקט וועגען דעם דער היילינער אווגוסטין: „פרעגט מען מיך ניט, וויים איך, וואָס איז אזוינס: צייט. פרעגט מען מיך יע, וויים איך ניט"... כמעט דאָסזעלביגע קען מען אויך זאָגען וועגען נאַציאָנאַליטעט. קוקט מען ניט „ווי־סענשאַפטליך" אויף דער פראגע, נאָר מיט פשוט'ע מענשליכע אוי־גען, זעהט יעדער איין, אז עס זענען דאָ פערשיעדענע נאַציאָנען, וואָס פיהרען קריעג אָדער שליסען שלום, וואָס גיסען זיך צונויף אָדער שיידען זיך פאַנאַנדער. פרעגט מען אָבער וויסענשאַפטליך וואָס איז אזוינס אַ נאַציאָן, קען זיין, אז מיר וועלען קיין מאָל ניט געפינען קיין תירוץ מספיק אויף דער שאלה, אזוי ווי מיר האָבען עד היום ניט געפונען קיין ריכטיגען ענטפער אויף דער פראגע: „וואָס איז צייט?" און אזוי ווי עס איז נאַריש אָבצולייקענען די עקזיסטענץ פון צייט (וועניגסטענס די עמפּירישע עקזיסטענץ, די, וואָס מיר פיהלען אין טאָג־טעגליכען לעבען) בלויז דערפאַר, ווייל מיר ווייסען ניט, וואָס איז צייט, — אזוי איז אויך נאַריש אָבצולייקענען נאַ־ציאָנאַליטעט, וועניגסטענס די עמפּירישע, וואָס מיר פיהלען אין טאָג־טעגליכען לעבען, בלויז דערפאַר, ווייל מיר ווייסען ניט, וואָס איז אַ נאַציאָן.

איך וויל נאָך זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דער קאָסמאָפּאָלי־טישער קריטיק פון דער געמיינשאַפטליכער אָבשטאַמונג. „נאַציאָנען זענען ניטאָ דערפאַר," זאָגט דער קאָסמאָפּאָליט, „ווייל עס איז איצטער ניטאָ קיין איין נאַציאָן מיט ריינעם בלוט, און אַלע נאַציאָנען האָבען אין זיך אַ צונויפמישונג פון כמעט דיזעלביגע עלע־מענטען." וואָלט עס געווען אַ טענה, וואָלט מען מיט דערזעלביגער לאָגיק געקענט אָבלייקענען, אז עס איז דאָ אַ וועלכער עס איז חילוק צווישען פלאַנצען און חיות, ווייל די פלאַנצען־וועלט און די זאָאָלאָ־גיש־אַנטראָפּאָלאָגישע וועלט פון חיות און מענשען בעשטעהן אין

עצם פון די פיער כעמישע גרונד־עלעמענטען : וואַסער־שטאָף, זויער־שטאָף, קוילענשטאָף, שטיקשטאָף (אַזאָט). דער פעהלער פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם ליגט דאָ אויף דעמזעלביגען פעלד, מיט וועלכען מיר זענען בעקאַנט געוואָרען פריהער : ער לאָזט ארויס פון אויג די מעגליכקייט פון פערשיעדענע קאָמבינאַציעס פון דיזעלביגע עלע־מענטען און סימנים. די פיער כעמישע עלעמענטען זענען אין דער פלאַנצען־וועלט אנדערס קאָמבינירט, איידער אין דער וועלט פון חיות. אפילו אז מען זאָל אָננעמען, אז די קולטור־פעלקער זענען א צונויפמישונג פון די פיער סאָרטען בלוט, וועלכע דער קאָסמאָפּאָ־ליטיזם גיט אָן, — ראָמאַנישען, גערמאַנישען, קעלטישען און סלאַווי־שען, — זעהט דאָך יעדער אויפ'ן שטעל איין, אז די מישונג ביי איין פאָלק קען זיין אין א גאַנץ אנדער פּראָפּאָרציע, איידער ביי אַן אנדער פאָלק. אז ביי די אירלענדער, צ. ב., מוז דאָס קעלטישע בלוט שפּיע־לען די הויפּט־ראָלע, ביי די דייטשען דאָס גערמאַנישע, ביי די איטאַליענער דאָס ראָמאַנישע, א. ז. וו.

די נאָר וואָס אנאַליזירטע טעאָרעטישע טעמים פון דעם קאָס־מאָפּאָליטיזם קומען פאָר כמעט אין יעדער קאָסמאָפּאָליטישער חקירה וועגען נאַציאָנאַליטעט. און אָט מיט אזעלכע לאָגישע טעמים האָט מען געמיינט צו בעווייזען די וויסענשאַפטליכע אונמעגליכקייט פון דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ ; בעוויזען האָבען זיי נאָר די לאָגישע פלאַטשיגקייט פון דער איצט־הערשענדער קאָסמאָ־פּאָליטישער טעאָריע.

ניט מעהר גליקליך זענען געווען אין זייערע ארגומענטען די וויסענשאַפטליכע וואָרטפיהרער פון דעם נאַציאָנאַליזם. אויף די קאָסמאָפּאָליטישע קריטיק, וואָס האָט געוואָרפען א ספק אויף די עקזיסטענץ גופא פון דער נאַציאָנאַליטעט, פלעגט דער נאַציאָנאַליזם ענטפערען מיט דעם, וואָס ער פלעגט ארויסכאַפּען איינעם פון די פערבראַקירטע סימנים און פלעגט זעהן אָבצושוואַכען די אלע טענות, וועלכע דער קאָסמאָפּאָליטישער קריטיקער האָט ארויסגעשטעלט גע־גען דעם סימן. אנדערע, ווידער, פלעגען זעהן אריבערצושלעפּען דעם שווער־פּונקט פון נאַציאָנאַליטעט פון די אויסערע סימנים אויף

די אינוועניגע, און אויפבויען זייערע וויסענשאַפטליכע פּאָזיציעס אויף דעם פעלד פון דעם אינוועניגען „נאַציאָנאַלען געפיהל". *)

פון אַלע אויסערע נאַציאָנאַלע סימנים האָט דערביי מעהר פאר אַלץ אָבגעגליקט דער טעריטאָריע און דעם געמיינשאַפטליכען געשיכטליכען לעבען, וואָס ווערען איצטער במעט פון אַלע געלערנטע גערעכענט פאר גרונד־סמנים פון נאַציאָנאַליטעט, אין וועלכע עס ליגט איהר עצם טבע. דעריבער מוזען מיר א ביסעל אָבשטעלען זיך ביי זיי.

ס'איז ניט שווער צו בעווייזען, אז אַ טעריטאָריע קען ניט זיין קיין גרונד־סימן פון אַ נאַציאָנאַליטעט. פאַראַן וואַנדער־פעלקער, וואָס האָבען קיין מאָל ניט געהאַט קיין אייגענע טעריטאָריע און וואָס זענען פון דעסטוועגען נאַציאָנאַל פערשיעדען איינס פון דעם אַנדערען. יעדער איינער, וואָס געהערט צו אַ וואַנדער־פאָלק, ווייסט גאַנץ גוט, אַז זיין פאָלק שיידט זיך אָב פון אַלע פעלקער, און אז ער און אַלע זיינע ברידער געהערען צו איין בעשטימטען פאָלק. יעדעס וואַנדער־פאָלק פערענטפערט אַלע שאלות פון זיין פשוט'ען לעבען פאַר זיך גופא און צוליעב זיך גופא, און א סך פון די ענטפערס גיט עס אויף אַן אנדער אופן און מיט א כיון אויף אַן אנדער אופן, איידער דאָס טוען אַנדערע וואַנדער־פעלקער. שוין אָט דער פאַקט אַליין בעווייזט, אז עס קענען עקזיסטירען נאַציאָנען אָהן א טעריטאָריע, און אז דעריבער איז די טעריטאָריע ניט קיין סימן מובהק פון נאַציאָנאַליטעט. אויך צווישען די קולטור־פעלקער געפינען מיר איצטער איניגע נאַציאָנען, וואָס האָבען אָדער גאָר קיין טעריטאָריע ניט, אָדער וועמענ'ס גרעסטער טייל לעבט ניט אויף זיין טעריטאָריע. דאָס זענען יודען, ארמענער און די ניט קולטורעלע ציגיינער, וועלכע לעבען צווישען קולטורעלע פעלקער. וועגען ציגיינער און ארמענער איז ניטאָ וואָס צו רעדען. זייער נאַציאָנאַליטעט האָט קיינער ניט געשטעלט אין ספק. אָבער אויך די יודען, דאָס וואַנדער־פאָלק פון דער העכערער קולטור, זענען גאַנץ געוויס א בעזונדער נאַציאָנאַליטעט.

*) זעה, צ. ב., פּראָפ. מ. לאצארוס ? Was heisst national

לאָמיר לאָזען אָן אזייט די קליינע גרופּע פון די אסימילירטע יודען און לאָמיר פרעגען: צו וועלכע נאַציאָן, אויב ניט צו דער יודישער, געהערען אָט די אַלע מאַסען פון יודישען פאָלק, וואָס וואָהנען אין פּוילען, ליטא, אונגארן, בוקאָווינא, רומעניען, גאַליציען, אוקראַינא, דעם ווהייטשעפּעל אין לאָנדאָן און אין דעם יודישען „געטאָ" פון ניו יאָרק, — אָט די אַלע מיליאָנען מענשען, וואָס האָבען דעמזעלביגען לשון און וואָס שיידען זיך אזוי שאַרף אָב אין זייער לעבען פון אַלע פעלקער, וואָס רינגלען זיי ארום?

ס'איז גענוג אוועקצושטעלען די שאלה, כדי אויפ'ן שטעל צו בעקומען אויף איהר א קלאָרען ענטפער: קיין איין איינציג פאָלק פון די, וואָס רינגלען זיי ארום, וויל ניט אָננעמען דעם יודען פאַר א מיטגליעד פון זיין נאַציאָן; קיין איין איינציג פאָלק פון די ארומיגע פעלקער וויל דאָס יודישע פאָלק ניט דערקענען, ווי זיין אייגען פאָלק. ווער־זשע זענען זיי, אויב זיי זענען ניט קיין פּוילען, קיין רומענער, ניט קיין לעטען, קיין רוסען א. ז. וו? „יודען", דאַרף יעדער איינער ענטפערן. „מענשען", ענטפערט אונז אָנשטאָט דעם דער יודיש־קאָסמאָפּאָליטישער אינטעליגענט.

דער ענטפער פון דעם יודישען קאָסמאָפּאָליט איז געוויס זעהר א ריכטיגער, אָבער ניט גאָר קיין פּינקטליכער, ד. ה., אַן ענטפער, וואָס ציעלט אויף א גאַנץ אַנדער פראַגע, איידער די, וואָס מען שטעלט איהם. זאָל מען באמת אָננעמען ערנסט דעם ענטפער, וועלען מיר בעקומען, אַז די גאַנצע מענשהייט פאַלט איצט פאַנאַנדער אין צוויי ניט גלייכע טיילען: דער גרעסטער טייל בעשטעהט פון פערשיעדענע פעלקער, און נאָר א גאַנץ קליינינקער חלק פון דער מענשהייט בעשטעהט פון סתם־מענשען. די סתם־מענשען זענען אין אַלץ אָבגעשיידט פון די פעלקער־מענשען און מען רופט זיי „יודען". יודען זענען ניט קיין פאָלק, נאָר סתם־מענשען; אָבער אזוי ווי אַלע אַנדערע פעלקער זענען ניט גלייך צו יודען, ווייזען די יודען אוים כלומר'שט ווי אַ פאָלק. צו וואָס קען מען דאָס פערגלייכען? צו א חלל, צו אַ לאָך פון א בייגעל. דאָס לאָך,

דער חלל איז גאָר נישט; אָבער ער ווייזט אויס ווי א בעזונדער זאַך, ווייל ער איז ניט בויגעל; ריכטיגער, ווייל דער בויגעל איז ניט ער.... אָדער נאָך אַ בעסערען פערגלייך. פאַראַן אַזעלכע וויץ־בילדער, וואָס מען רופט זיי אויף דייטש „וועקסיער בילדער", בילדער צום פייניגען. אַנגעמאָלט איז אויף אַזאַ בילד לאָמיר אָננעמען, אַ הויז, אַ פלאַנקען און א פּאָר גרויסע בוימער מיט א סך צווייגען, און מעהר גאָר ניט. אונטען שטעהט געשריבען: „וואו איז די קאַץ?" מען קאָן זיך גוט אָנפייניגען, ביז מען געפינט זי, די קאַץ. בעצם איז קיין קאַץ ניטאָ. נאָר די צווייגען פון די בוימער זענען אַזוי אויסגעמאָלט, אז דער לעדיגער שטח צווישען זיי זעהט אויס, ווי אַ קאַץ. אָט אַזאַ מין „וועקסיר־קאַץ" זענען די יודען, נאָך דער מיינונג נאָך פון אונזערע סתם־מענשען! בעצם זענען זיי ניט קיין פאָלק, נאָר אַזוי ווי אַלע אַנדערע מענשען זענען פעלקער, זעהט אויס דער לעדיגער שטח פון סתם־מענשען אויך ווי אַ בעזונדער פאָלק, אפשר מיט דעם איינציגען חלוק, וואָס עס קאָסט גאָר קיין ברעקעל מיה ניט, אויפ'ן שטעל ארויסצוגעפינען וואו דער יוד איז...

כ'לעבען, שוין צייט אָוועקצואוואַרפען די אַלטע נאַרישקייט פון די „סתם־מענשען" ! *)

אָט טאַקי דערפאַר, וואָס די נאַציאָנאַליטעט איז ניט קיין אַב־סאָלוטער, נאָר א רעלאַטיווער געדאַנק; אָט טאַקי דערפאַר, וואָס לעבען די יודען געפינען זיך אויך אַנדערע נאַציאָנען, — זענען אויך די יודען אַ נאַציאָן, אַ לייבליכער מיטגליעד פון דער אַלגעמיין־מענשליכער משפחה, אַלץ איינס, אויב זיי האָט זיך איינגעגעבען אָדער ניט איינגעגעבען אריינצוכאַפען אין זייערע הענד אַ טייל פון אונזער אַלעמענ'ס פאָטערלאַנד — דער ערד־קוגעל.

אַ טעריטאָריע, ווען מען קוקט אויף איהר ניט ווי אויף בע־שטימטע גרעניצען פון א מדינה, נאָר ווי אויף בעשטימטע גרעניצען

---

*) פערגלייך מיין אַרטיקעל: „דאָס יודישע פאָלק און די יודישע שפּראַך" אין „פריינד", 1903.

פון א נאציאָן, איז מעהר ניט ווי די אויסערליכע געאָגראַפישע אַרומקרייזונגען, וואָס ווייזען אונז, וואו די געגעבענע נאציאָן וואָהנט. ניט די נאציאָן עקזיסטירט צוליעב דער טעריטאָריע און א דאנק דער טעריטאָריע, נאָר פערקערט, די טעריטאָריע עקזיס־טירט צוליעב דער נאציאָן און א דאנק דער נאציאָן. אז א בע־שטימטע גרופּע פון מענשען, וואָס מיר רופען אָן נאציאָן, ווערט צונויפגעשרומפּפט, צ. ב., ווען די בעוואָהנער פון איהרע גרעניצען פערלירען זייער נאציאָנאַלע פיזיאָנאָמיע און נעמען אָן די נאציאָ־נאַלע פיזינאָמיע פון דעם שכן־פאָלק אָדער עמיגרירען אין גאנצען אויס, ווערט לפי ערך צונויפגעשרומפּפט אויך די נאציאָנאַלע טע־ריטאָריע ; און ווארפט זיך די נאציאָנאַליטעט פאנאנדער אין איהר וואקסען, וואקסען אויך און ווערען ברייטער די גרעניצען פון איהר טעריטאָריע. דערפון איז געדרונגען, אז די טעריטאָריע איז ניט דער תוך פון דער נאציאָנאַליטעט, נאָר עפּעס אזוינס, וואָס געהט נאָך איהר נאָך, ווי א שאטען. אמת, אין דעם ליעבען שאטען פון דעם אייגענעם לאנד וואקסט די טייערע בלום פון דער מענשליכער קולטור — די ליעבע צום פאטערלאנד. אָבער א טעריטאָריע און די ליעבע צום פאטערלאנד, וואָס וואקסט אויף איהר, זענען מעהר ניט ווי נויטיגע מעכטיגע פאקטאָרען צו דערהאַלטען די עקזיסטענץ און דער וויכטיגסטער תנאי פאר א נאָרמאַלען לעבען פון א פאָלק. תנאים פון נאָרמאַלען לעבען און פאקטאָרען פון דערהאַלטונג זענען ניט די אייגענע זאך, וואָס נאציאָנאַליטעט גופא. מען קען דאָך ניט זאָגען, אז דאָס לעבען איז דיזעלביגע זאך, וואָס דער זויער־שטאָף, וועלכער איז נויטיג אויף צו דערהאַלטען דאָס לעבען ; אָדער אז פּלאנצען זענען דיזעלביגע זאך, וואָס דער פּלאַץ, אויף וועלכען זיי לעבען און וואקסען. אויף דעמזעלביגען פּלאַץ קענען דאָך וואקסען פערשיעדענע מיני פּלאנצען.

אויך דאָס געמיינשאפטליכע היסטאָרישע לעבען קען ניט זיין קיין הויפּט־סימן פון נאציאָנאַליטעט. רעדט מען וועגען איהם, דארף מען מאכען א נפקא מינה צווישען דעם געמיינשאפטליכען היסטאָרישען לעבען פון איין איינציג פאָלק און דעם געמיינשאפט־

ליכען היסטאָרישען לעבען פון עטליכע פעלקער, וואָס לעבען פּאָלי־טיש אין איין מדינה. אין דעם ערשטען פאַל דערצעהלט מען פשוט א מעשה, אז א מאָל — א מאָל איז געווען א גרופּע פון מענשען, וואָס האָט געלעבט אין איינעם און וואָס האָט דעריבער, ווי דאָס טרעפט ביי אַלע מענשען, געהאַט אין לעבען פערשיעדענע מערכות און דורכגעלעבט פערשיעדענע פּאַסירונגען. אָבער די מעשה זאָגט אונז בפועל ממש גאָר ניט, אויב עס זענען דאָ נאַציאָנאַליטעטען אויף דער וועלט אָדער ניט, און דערקלערט אונז ניט א ברעקעל דעם תוך פון נאַציאָנאַליטעט. אויך דער איינצעל־מענש לעבט דורך אין זיין לעבען פערשיעדענע פּאַסירונגען, און ווי די פּאַסירונגען זאָלען ניט ווירקען אויף זיין לעבען, קען מען דאָך ניט זאָגען, אז דער סכום פון די פּאַסירונגען איז דער תוך פון דעם איינצעל־מענ־שען. אקוראַט אזוי האָט מען קיין רעכט ניט צו זאָגען, אז דער סכום פון געשיכטליכע פּאַסירונגען איז דער תוך פון א בעשטימטער נאַציאָנאַליטעט, ווען אפילו אין זיי זאָלען זיך קלאָר אויסדריקען די גרונד־שטריכען פון דעם פאָלקס־טבע און פון דעם פאָלקס־כאַ־ראַקטער.

די איצטיגע פּסיכאָלאָגיע וויל האָבען, אז אונזער פאָרשטעלונג פון אונזער אייגענעם „איך" איז מעהר נישט ווי א געדאַנק, וואָס איז אָבגעצויגען געוואָרען פון די וויכטיגסטע פּאַסירונגען פון אונ־זער לעבען אין די ערשטע יאָהרען פון אונזער קינדהייט. מען קען דעריבער מאַכען א פערגלייך און זאָגען, אז אויך דער געדאַנק פון אן אייגענעם נאַציאָנאַלען „איך", ד. ה. דאָס נאַציאָנאַלעם זעלבסט־בעוואוסטזיין, איז אויך מעהר ניט, ווי אזא מין אבסטראַקטער גע־דאַנק, וואָס האָט זיך געבילדעט אויף דעם גרונד פון די וויכטיגסטע היסטאָרישע פּאַסירונגען אין דעם לעבען פון א וועלכען עס איז פאָלק. נאָר אויב מיר זאָלען אפילו אָננעמען די טעאָריע פון דער איצטיגער פּסיכאָלאָגיע און שטעלען זיך אויף איהר שטאַנדפּונקט, בעקומען מיר אויך יעמאָלט, אז אונזער עמפּירישער זיין אויף דער וועלט איז געגעבען געוואָרען אין לעבען פריהער, איידער דאָס בילד פון אונזער אייגענעם „איך", און איז לחלוטין פערשיעדען פון דעם

בילד. אויף דעמזעלביגען אופן מוזען מיר זאָגען, אז די געגע־בענע נאַציאָנאַליטעט עקזיסטירט פריהער, איידער איהר נאַציאָנאַ־לעס בעוואוסטזיין, און, לאָגיש גענומען, עקזיסטירט זי אונאבהענ־גיג פון די אָדער יענע היסטאָרישע פּאַסירונגען, וואָס קומען מיט איהר פאָר. ווי זיי זאָלען ניט ווירקען אויף איהר כאַראַקטער און אויף אַלץ, וואָס זי ברענגט ארויס אין איהר קולטור, זענען זיי מעהר ניט, ווי אומשטענדען, וואָס ברענגען אריין גרעסערע אָדער קלענערע שנוים אין איהר לעבען. כדי צו זיין א נאַציאָן איז גענוג מעהר ניט, צו לעבען א זעלבסטשטענדיג לעבען, און עס דאַרף דער־ביי זיין אַן אַנדער נאַציאָן, מיט וועלכער מען וואָלט זי געקענט פערגלייכען און פון וועלכער זי שיידט זיך אָב אין פיעלע פּונקטען פון איהר קולטור.

בנוגע צו דעם אַנדערען פאַל, ווען עטליכע זעלבסטשטענדיגע פעלקער גיסען זיך צונויף, אַ דאַנק די געמיינשאַפטליכע היסטאָ־רישע פּאַסירונגען, אין איין פּאָליטישע מדינה, מוז מען זאָגען, אז די נאַציאָנאַליסטען בעווייזען דערמיט אזוינס, וואָס געהט פּונקט להיפך צו זייער ציעל. אין די שותפות'ע געשיכטליכע פּאַסירונגען ווייזען זיי אונז אָן אויף א מין קראַפט, וואָס ווירקט אין געוויסע פּרטים פּונקט להיפך צו יענעם כח, וועלכען בעדזשהאַט האָט א נאָ־מען געגעבען „די נאַציאָנען־בילדענדע קראַפט". דער בשותפות'ער הי־סטאָרישער גורל פון פעלקער, וואָס לעבען אין איין מלוכה, דערשטיקט דאָ „די נאַציאָנען־בילדענדע קראַפט" פון יעדער איינצעלנער נאַציאָ־נאַליטעט, מאַכט אַ תל פון זייערע נאַציאָנאַלע פערשיעדענקייטען און פון זייער זעלבסטשטענדיגען זיין אויף דער וועלט, ד. ה. ער שניידט איבער דעם הויפט לעבענס־נערוו פון נאַציאָנאַליטעט. אויב דער תוך פון נאַציאָנאַליטעט ליגט אין א שותפות'ען היסטאָרישען צו־זאמענלעבען, יעמאָלט פערליערט דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ אין גאַנצען זיין raison d'entrê, דעם טעם פון זיין זיין אויף דער וועלט. דאָס צונויפגיסען פון אַלע פעלקער אין איין מענשהייטס־ים וואָלט געווען א מעגליכער און א ווינשבאַרער אידעאַל. לאָזען נאָר אַלע מענשען פון דער וועלט האָבען געמיינשאַפטליכע היסטאָ־

רישע פּאַסירונגען, לאָזען זיי לעבען אין איינעם איין איינציגען היסטאָרישען לעבען, און פון אלע פעלקער וועט אָדער ניט בלייבען קיין זכר, אָדער דער זכר וועט זיין אזוי שוואך און ניט וויכטיג, אז פון זיינטוועגען וואָלט זיך ניט געלוינט צו בויען נאַציאָנאַלע טעאָריען און פיהרען א נאַציאָנאַלען קאמפף.

ניט פיעל בעסער טויג פאר דער דערקלערונג פון דעם, וואָס איז אזוינס א נאַציאָן, דאָס אָנווייזען אויף דעם פאקט, אז עס איז דאָ א בעשטימטער נאַציאָנאַלער געפיהל. ווייטער אונטען וועלען מיר רעדען מעהר באריכות וועגען דעם ענין. דאָ וועלען מיר מאַכען נאָר איין בעמערקונג. אויב דער נאַציאָנאַלער געפיהל איז באמת א בעזונדערער געפיהל, וואָס האָט זיינע ספּעציפישע שטריכען, ווי צ. ב., דער געפיהל פון הונגער אָדער דאָרשט, דער געפיהל פון ליעבע אָדער האס, איז דאָס בלי ספק אזא מין געפיהל, וואָס ווערט ארויסגערופען אין אונז דורך דער פאָרשטעלונג פון אונזער נאַציאָן. ממילא מוז מען צוגעבען, אז די פאָרשטעלונג פון אונזער נאַציאָן דארף זיין פריהער, איידער עס קען ארויסגערופען ווערען א נאַציאָנאַלער געפיהל, און אז דער נאַציאָנאַלער געפיהל איז ערשט א פּועל יוצא פון דער פאָרשטעלונג וועגען אונזער נאַציאָן, ד. ה. פון איהר עקזיסטענץ. מיט אנדערע ווערטער, א נאַציאָנאַלען געפיהל קענען מיר דערקלערען מיט דעם פאקט, וואָס עס זענען דאָ נאַציאָנען, אָבער ניט אומגעקערט: מיר קענען ניט דערקלערען דעם פאקט, וואָס עס זענען דאָ נאַציאָנען, מיט דעם פאקט, וואָס עס זענען דאָ נאַציאָנאַלע געפיהלען.

מיר דוכט, אז אויף דעם גרונד פון די אלע געדאַנקען, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס ענטוויקעלט, האָבען מיר א רעכט צו זאָגען, אז ניט די קאָסמאָפּאָליטישע און ניט די נאַציאָנאַליסטישע טעאָריען האָבען געהאַט גליק אין זייערע וויסענשאַפטליכע ארגומענטען. ביידען האָט זיך ניט איינגעגעבען צו בעווייזען זייערע גרונד־פּרינציפּען; ניט די, ניט יענע האָבען אונז ניט דערקלערט דעם שכל, וואָס שטעקט אין נאַציאָנאַליטעט, און ניט דעם׳ס, ניט יענעם׳ס טעמים טויגען אויף צו פערענטפערען די שאלה, צי עס זענען דאָ

נאַציאָנען אויף דער וועלט אָדער ניט, און אין וואָס ליגט דער עצם פון נאַציאָנאַליטעט. די קאָסמאָפּאָליטישע טעמים, וואָס לייקענען אָב נאַציאָנאַליטעט, געהן להיפּך צו דער מענשליכער לאָגיק אָדער פיהרען, העכסטענס, צום געדאַנק, אז דעם תוך פון נאַציאָנאַליטעט קען מען ניט ארויסברענגען מיט וויסענשאַפטליכע מיטלען. אָבער דערפון, וואָס די וויסענשאַפט איז שוואך אין דעם פונקט, איז דאָך געוויס ניט קיין ראיה, אז עס זענען ניטאָ קיין נאַציאָנען אויף דער וועלט. מיר מוזען נאָך א מאָל דערמאָנען: ס'איז דאָ א מאַסע זאַכען אין דער וועלט, וואָס שטעהן העכער פון יעדען ספק, און וועלכע עס האָט זיך פּשוט ניט איינגעגעבען אריינצוקוועטשען אין א פּינקטליכע וויסענשאַפטליכע פאָרם. נעמט דעם אַלוועלטליכען פאַקט פון ענטוויקלונג, נעמט דעם ביאָלאָגישען פאַקט פון לעבען, דעם פּסיכאָלאָגישען פונקט פון שפּירען! וואָס איז אזוינס ענטוויקלונג, לעבען, שפּירונג? און וואָס בעשטעהט זייער תוך? עס איז ניטאָ אזעלכע וויסענשאַפטליכע פאָרמולען, וואָס זאָלען אונז געבען א וועלכען עס איז תירוץ מספּיק אויף די שאלות. און פון דעסטוועגען זענען דאָך די פאַקטען פון ענטוויקלונג, לעבען און שפּירונג דאָ אויף דער וועלט, און קיינעם, א חוץ א גאַנץ משוגע'נעם פילאָזאָף, קען ניט ארויפקומען אויפ'ן געדאַנק אָבצולייקענען זיי מחמת דעם, וואָס זייער עצם איז נאָך ניט ארויסגעפונען געוואָרען. אויף דעמזעלביגען אופן הערט ניט אויף אויך די נאַציאָנאַליטעט צו זיין א רעאַלער פאַקט און א רעאַלער פאַקטאָר אין דעם היסטאָרישען לעבען, ווען אפילו די טעאָריע איז ניט ביכולת צו געפינען פאַר איהר א שעהנע וויסענשאַפטליכע פאָרמעל. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז א שטורם־פראַגע פאַר אונזער צייט, אַלע איינס, אויב די טעאָרעטיקער וועלען פערענטפערען אָדער ניט פרנעטפערען די שאלה: „וואָס איז אזוינס נאַציאָנאַליטעט?"

פון דער אַנדערער זייט אָבער האָבען מיר געפונען, אז די פערטיידיגער פון נאַציאָנאַלען פּרינציפּ האָבען געמוזט, בעת זיי האָבען געוואָלט דערקלערען אונז נאַציאָנאַליטעט, אָנרופען אזעלכע מאָמענטען, וואָס קענען אַליין ערשט יעמאָלט פערשטאַנען ווערען, ווען

מיר נעמען אָן, אז עס זענען דאָ נאַציאָנען, און וועלכע פליסען פון דעם פאקט גופא, אז עס זענען דאָ נאַציאָנען אויף דער וועלט.

II.

די נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס זעהן ניט נאָר צו פערענטפערן די פראַגע: „וואָס איז אזוינס נאַציאָנאַליטעט?“ נאָר זיי ווילען אויך וויסענשאַפטליך בעווייזען, אז דער נאַציאָנאַלער פרינציפּ דארף זיין דער פונדאַמענט, אויף וועלכען מען מוז בויען די אויסערע און אינערע פּאָליטיק פון א פאָלק.

מיר האָבען שוין געזעהן, אז די הויפּט־פראַגע וועגען דעם עיקר פון נאַציאָנאַליטעט האָבען די פערטיידיגער פון דעם נאַציאָנאַלען פרינציפּ פערענטפערט ניט גאָר וויסענשאַפטליך. איצטער וועלען מיר זעהן צו בעווייזען, אז אויך די צווייטע אויפגאַבע פון דער נאַציאָנאַליסטישער תורה, די וויסענשאַפטליכע פערטיידיגונג פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסען, קען אויך זעהר שווער אויסהאַלטען א וויסענשאַפטליכע קריטיק.

דער גרונד־שטיין פון יעדער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז דער געדאַנק, אז מען מוז אָבהיטען און פאַנאַנדערוויקלען א בעזונדער אינהאַלט פון דעם אָדער יענעם צווייג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור. ניט דערפאַר, ווייל דער אינהאַלט איז דער בעסטער ענטפער אויף דער קולטור־שאלה, וואָס ווערט פערענטפערט פון יענעם צווייג; ניט דערפאַר, וואָס ער, דער אינהאַלט, איז א גוטער און געווינשטער, אַלץ איינס, ווער עס זאָל ניט האָבען ארויסגעבראַכט איהם אין לעבען; אָבהיטען איהם מוז מען דערפאַר, זאָגט דער נאַציאָנאַליסט, ווייל ער איז בעשאַפען געוואָרען פון דער אייגענער נאַציאָן, ווייל ער איז איינער פון איהרע כאַראַקטעריסטישע סימנים און איז אָנגעמאָסטען צו איהר „גייסט“.

אויב וואָס עס איז בכח וויסענשאַפטליך צו בעגרינדען אָט דעם געדאַנק, איז דאָס געוויס יענע שיטה, וואָס מיינט, אז אן אַל־געמיין־מענשליכע קולטור איז אייגענטליך גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. דער אינהאַלט פון אמת, יושר און שעהנקייט בייט זיך ניט נאָר פון צייט צו צייט, נאָר איז אויך פערשיעדען פאר פערשיעדענע

פעלקער, עס ווענדט זיך אָן דעם נאַציאָנאַלען זשעני, וואָס רופט איהם, דעם אינהאַלט, ארויס אין לעבען. און היות עס איז ניטאָ קיין אַלגעמיין־מענשליכער פּראָביר־שטיין, וואָס מיט איהם וואָלט מען געקענט אויסגעפינען אויף קלאָר, אין וואָס ליגט דער עצם פון אמת, יושר און שעהנקייט פאר אַלעמען, איז דעריבער די אויפגאַבע פון דעם היסטאָרישען לעבען פון א פאָלק אויפצוהאַלטען און צו ענטוויקלען יענע קולטורעלע אוצרות, וואָס שפּראָצען ארויס פון דעם פאָלקס־גייסט גופא, אויפצוהאַלטען און צו ענטוויקלען יענע מיי־נונגען, מנהגים, סאָציאַלע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס, וועלכע אָט די בעשטימטע נאַציאָן האָט בעשאַפען און האָט געמוזט על פי טבע פון איהר גייסט ארויסברענגען פון זיך. ווי פערשיעדען עס זאָלען ניט זיין איינע פון די אַנדערע די קולטורעלע אוצרות ביי פער־שיעדענע פעלקער, ווי שטאַרק זיי זאָלען ניט געהן להיפך איינער צום אַנדערען, זענען זיי, נאָך זייער אינוועניגסטען אינהאַלט נאָך, גלייכבערעכטיגטע ארויסווייזונגען פון פערשיעדענע נאַציאָנאַלע נשמות, און די פּאָליטישע שולע פון די ניאַם־ניאַם'ישע פיהרער איז אַקוראַט אזוי אמת פאר די ניאַם־ניאַם'ען, ווי דער רעפּערענדום און די איניציאַטיווע פאר דעם שווייצאַרישען פאָלק. געדאַנקען און אינסטיטוציעס פון א וועלכען עס איז פאָלק עקזיסטירען אויף דער וועלט צוליעב זיך אליין, אויב זיי דריקען ריכטיג אויס די נשמה פון דעם פאָלק. דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ פערלאַנגט, מען זאָל אָבהיטען די געדאַנקען און אינסטיטוציעס פון דער שעדליכער מאַכט, וואָס אויף זיי קענען האָבען אַנדערע געדאַנקען און אינסטי־טוציאָנען, אויסגעוואַקסען אויף א „פרעמדען" פעלד.

די וויסענשאַפטליכע בעגרינדונג פון אָט דער טעאָריע איז אין גאַנצען אויפגעבויט אויף דער סברא, אז עס איז דאָ אזא מין „פאָלקס־נשמה", און איין מאָל רופט מען זי „פאָלקס־גייסט", דעם אַנדער מאָל — „פאָלקס־כאַראַקטער". אין אונזער קריטיק פון דער נאַציאָנאַליסטישער שיטה וועלען מיר אָנווענדען אָט דיביידע נע־מען, אָבער אויף אזא אופן, אז אונטער דעם נאָמען: „פאָלקס־גייסט" וועלען מיר פערשטעהן די אידעען, מיינונגען, געדאַנקען פון

א בעשטימטען פאָלק, ד. ה. אַלץ, וואָס איז שייך צו דער אינ־טעלעקטועלער, שכל'דיגער זייט פון זיין לעבען; און אונ־טער דעם נאָמען: „פאָלקס־כאַראַקטער" וועלען מיר פערשטעהן אַלץ, וואָס כאַראַקטעריזירט דאָס פאָלק אויף די פעלדער פון געפיהל און ווילען.

פריהער לאָמיר זעהן, וואָס טוט זיך מיט דעם פאָלקס־גייסט. קודם כל לאָמיר ניט פערגעסען, אז ביי יעדען פאָלק מוז מען מאַכען א נפקא מינה צווישען דעם בעשטימטען אינהאַלט פון זיין קולטור און יענע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען, אָדער בעשאַפונגס־כחות, ד. ה. יענע פסיכישע און פסיכאָ־פיזישע מעלות און חסרונות, וואָס מאַכען אויס זיין אינוועניגסטע טבע. די סברא, אז עס איז דאָ א פאָלקס־גייסט וויל דעריבער זאָגען, אז אָדער עס איז דאָ א געוויסער אוצר פון נאַציאָנאַל־איינגעבאָרענע אידעען און געדאַנ־קען, אָדער עס איז דאָ א געוויסע איינגעבאָרענע אָרגאַניזאַציע פון אינטעלעקטועלע כחות, וואָס מוז ארויסברענגען פון זיך אָט דוקא די און ניט קיין אַנדערע אידעען און געדאַנקען. עס איז ניט נויטיג אָבצושטעלען זיך לאַנג אויף דעם ערשטען פאַל, ווייל די נאַציאָ־נאַליסטישע טעאָרעטיקער האָבען ניט געבראַכט ניט איין ראיה צו זיין פערטיידיגונג, וואָס זאָל האָבען אין זיך כאָטש א שאָטען פון וויסענשאַפטליכקייט. ניט קוקענדיג אויף די אַרבייטען פון גאָ־בינאָ און לעבאָן, מעג מען האָבען די העזה ארויסצוזאָגען די מיי־נונג, אז עס האָט זיך דערווייל נאָך קיינעם ניט איינגעגעבען — און אפשר וועט זיך קיין מאָל קיינעם ניט איינגעבען — ווידער אויפצולעבען אין דער פעלקער־פסיכאָלאָגיע יענע טעאָריע פון איינגעבאָרענע אידעען, וואָס איז איצטער לגמרי ארויסגעטריבען געוואָרען פון דער וויסנעשאַפטליכער פסיכאָלאָגיע בכלל.

א סך ערנסטער מוזען מיר זיך בעגעהן מיט דער צווייטער סברא, וואָס נעמט אָן אן איינגעבאָרענע פסיכאָ־פיזישע אָרגאַני־זאַציע. עס איז, פערשטעהט זיך, זעהר שווער אָנצונעמען דעם גע־דאַנק, אז פערשיעדענע פעלקער האָבען גאַנץ אַנדערע אָרגאַניזמען פון ערקענטניס און שכל. אָבער דאָס איז בלי שום ספק, אז אפילו

אין זייער ריין־לאָגישען דענקען ווייזען פערשיעדענע פעלקער ארויס גאַנץ פערשיעדענע שאַטירונגען און פאָרמען. דאָס זעהט מען דייטליך, ווען מען דערמאָנט זיך, אז איין פאָלק האָט, צ. ב., מעהר נייגונג צו איין פעלד פון דער קולטור און דאָס אנדער פאָלק צו אַן אַנדער פעלד. ענגלענדער און אַמעריקאַנער האָבען ארויסגע־וויזען זייער גאונות אין עקאָנאָמיע און טעכניק; די דייטשען שטעהען העכער פאַר אַלעמען אין דעם פּרט פון פילאָזאָפישען דענ־קען; די אַלטע רוימער זענען געווען מאַדים'ס אין יוריספּרודענץ; די יודען האָבען אריבערגעיאָגט אַלעמען אין דעם סאָציאַל־עטישען רעליגיעזען געדאַנק. א חוץ דעם געפינען מיר, אז ביי פערשיעדענע פעלקער ווייזט זיך ארויס א פערשיעדענע ליעבע צו די מעטאָדען און די טיפען פון דעם מענשליכען דענקען. ביי איין פאָלק הערשט די אַנאַליטישע מעטאָדע, דאָס קענען פאַנאַנדערנעמען יעדע זאַך אויף זיינע איינצעלנע טיילען; ביי דעם אַנדער פאָלק זעהן מיר צוריק דעם שטאַרק־אויסגעבילדעטען כח פון סינטעטישען דענקען, וואָס זוכט צוריק אויפצובויען איין גאַנצען בנין פון די פערשיעדענע טיילען. איין פאָלק פיהלט זיך פריי און ווי אין דער היים דאָרטען, וואו עס האָט צו טאָן מיט דעם אבסטראַקטען דענקען. עס שפּיעלט זיך מיט בעגריפען און ברויכט דערביי ניט שטענדיג פאָרצושטעלען זיך פאַר זיינע אויגען די לעבעדיגע בילדער פון דער ווירקליכקייט, וועלכע יענע אבסטראַקטע בעגריפען נעמען ארום; אַן אַנדער פאָלק האָט, פערקערט, ליעב שטענדיג האָבען פאַר די אויגען די לעבעדיגע בילדער פון דער ווירקליכקייט און זוכט וואָס מעהר אויסצומיידען דעם געברויך פון אבסטראַקטע בעגריפען. די דענקער פון איין פאָלק ארבייטען מיט מעהר טיפע, געדיכטע, צונויפגעפּרעסטע אידעען; די דענקער פון אַן אַנדער פאָלק — מעהר מיט איינצעלנע קלאָרע, אָבער ניט גאַנץ טיעפע פאָרשטעלונגען. און אזעלכע נפקא מינה'ס צווישען איין פאָלק און דעם אַנדערען קען מען אָנקלייבען נאָך א גאַנצען הויפען. אָט די אַלע פאַקטען קענען אונז דיקטירען דעם פועל יוצא, אז יעדע נאַציאָן מוז על פּי טבע נוטה זיין צו בע־שטימטע מיינונגען און געדאַנקען. אויב די מיינונגען און געדאַנ־

קען זענען אויסגעארבייט געוואָרען פון דעם פאָלק גופא, זענען יע־מאָלט אין זיי ניט נאָר קלאָר און פינקטליך אויסגעדריקט די מעטאָ־דען פון דענקען, וואָס דאָס פאָלק האָט, נאָר זיי זענען דער איינציג־מעגליכער אינהאַלט, וואָס קען זיין אָ[illegible]סטען צו דעם פאָלקס־טיפּ. אויב אָבער אָט די געדאַנקען און מיינונגען זענען ניט אויסגעארבייט געוואָרען פון דעם פאָלק גופא, נאָר אריבערגע־טראָגען געוואָרען פון דער פרעמד, האָט דערביי געמוזט זיין אזאַ מעשה: פון די פערשיעדענע געדאַנקען און אידעען, וואָס זענען אויסגעארבייט געוואָרען אין דער פרעמד און וואָס האָבען געווירקט אויף דאָס פאָלק, האָט דאָס פאָלק געקענט, לויט דער טבע פון זיין שכל גופא, אויסקלייבען, אריבערנעמען און אסימילירען אין זיך נאָר אזעלכע געדאַנקען און אידעען, וואָס האָבען געפּאַסט צו זיין „נאַציאָנאַלען גייסט". קיין אַנדערע אידעען און געדאַנקען וואָלט ער ניט געקענט אריבערנעמען, ווײַלע זיי וואָלטען ניט זיין אָנגע־מאָסטען צו זיין טבע; און אויב אַ טייל פון דעם פאָלק וואָלט אויף אַ קורצע צייט זיך געלאָזט פערפיהרען פון אָט די ניט אָנגעמאָס־טענע אידעען און געדאַנקען פון אַ פרעמדען פאָלק, וואָלט דער פאָלקס־גייסט זיך אויפגעהויבען אנקעגען זיי און וואָלט זיי באַלד ארויסגעשטופּט פון זיין אָרגאַניזם, אויב דער אָרגאַניזם וואָלט ניט פער'סם'ט געוואָרען פון די פרעמדע אידעען און אין גאַנצען אָב־געשטאָרבען, ווי אַ לעבעדיגער שאַפער פון אייגענע קולטורעלע אוצרות. הייסט עס, אַז אויך אין דעם פאַל, נעמט אריין אַ פאָלק אין זיך נאָר אזעלכע אידעען און געדאַנקען, וועמענ'ס אינהאַלט איז ענג צוגעפּאַסט צו דעם טיפּ פון זיין דענקען און וואָס האַרמאָ־נירט מיט די פאָדערונגען פון זיין שכל'ס טבע.

אין דער געשיכטע פון די פעלקער געפינען מיר אַ מאַסע פאַקטען, וואָס בעווייזען אויף דעם ערשטען בליק די ריכטיגקייט אָט פון דער נאַציאָנאַליסטישער סברא, און די נאַציאָנאַליסטען ווע־רען ניט מיעד שטענדיג אונז צו דערמאָנען אָן זיי. אַ בייששפּיעל קען מען ברענגען פון דער געשיכטע פון דעם יודישען פאָלק, וואָס פלעגט צייטענווייז אריבערנעמען פרעמדע געדאַנקען און אידעאַלען,

וואָס פלעגען צוציהען צו זיך געוויסע טיילען פון דעם פאָלק, ווי צ. ב., אין דער צייט פון די העלעניסטען. אָבער אלע די עבודה זרות פלעגט דאָס פאָלק פריהער אָדער שפּעטער ארויסשטופען פון זיין גייסטיגען אָרגאניזם....

אין גאַנצען אָבלייקענען די פאַקטישע זייט פון דער ארגומענ־טאַציע, וואָס איז טערעסירט אונז, קען מען ניט. אָבער אָט די־אלע טעאָרעטישע ראיות וואָלטען ערשט יעמאָלט געקענט זיין א מליץ יושר פאר די עקזיסטענץ פון בעזונדערע נאַציאָנאַליטעטען און וואָלטען ערשט יעמאָלט געקענט צ ו א י י נ ע ן אונז מיט דעם געדאַנק, אז עס איז ניטאָ קיין אלגעמיין־מענשליכע מיינונגען און אידעען, אז דער אמת פון אלע אידעען איז פערשיעדען לויט דעם בוי פון דעם פאָלק'ס שכל, ווען מען וואָלט אונז בעוויזען אויף קלאָר, אז איטליכעס פאָלק האָט אין אלע פעריאָדען פון זיין געשיכטליכען לעבען זיך געהאַלטען תמיד פאר דיזעלביגע גרונד־אידעען און מיי־נונגען, וואָס האָבען געביטען מעהר ניט, ווי זיין אויסערליכען אויסזעהן און ניט זיין אינוועניגסטען עיקר, און ווען מען וואָלט אונז בעוויזען, אז קיין פאָלק איז לגמרי ניט ביכולת אריבערצוטראָ־גען פון דרויסען און אסימילירען אין זיך לחלוטין אַנדערע גרונד־גע־דאַנקען און אידעען.

אָבער אַזאַ מין בעוויז האָבען די נאַציאָנאַליסטען קיין מאָל ניט געבראַכט און וועלען קיין מאָל ניט קענען ברענגען. די גע־שיכטע פון די פעלקער וויזט אונז אויף כמעט אויף יעדען שריט און טריט, ווי אזוי זייערע געדאַנקען האָבען זיך ראדיקאל אומגע־ביטען ניט נאָר אין אזעלכע פּונקטען, וואָס קענען אויסגעטייטשט ווערען, ווי פערשיעדענע פשטים פון דעמזעלביגען גרונד־געדאַנק, נאָר אויך אין אזעלכע פּרטים, וואָס האָבען אומגעביטען און בענייט די גרונד־פעסטען גופא פון דעם פאָלקס־לעבען און דעם פאָלקס־געדאַנ־קען. די נאַציאָנאַליסטישע טעאָריע, וואָס בעשעפטיגט אונז דאָ, געהט אויך להיפך צו יענע פעסטע איינגעפונדעוועטע פאַקטען, וואָס דערצעהלען אונז פון דער שטענדיגער ווירקונג, וואָס איין ציוויליזירטעס פאָלק האָט אויף אַן אַנדער ציוויליזירטעס פאָלק, און ווע־

גען דעם שטענדיגען אויסבייט פון אידעען, וואָס קומט פאָר צווי־שען זיי.

פון דער אַנדער זייט, קען מען, געוויס, בשום אופן ניט לייקענען, אז ביי דעם אויסבייט פון אידעען צווי־שען פאָלק און פאָלק, געהען סוף כל סוף ניט פער־לאָרען יענע נאַציאָנאַלע שאַטירונגען, וועלכע יעדעס פאָלק גיט צו צו די געדאַנקען, וועלכע ער נעמט אריבער פון דער פרעמד. פּאָ־זיטיוויזם, קאַטאָליציזם, מאַרקסיזם, מאַטעריאַליזם, אידעאַליזם, אַנאַרכיזם, און נאָך אַ טוץ אַנדערע „איזם'ען" האָבען גאַנץ בעשטימט בעקומען און נעמען אָן טאָג־טעגליך אַ בעזונדערע פארב, עס ווענדט זיך אָן דעם פאָלק, אין וועלכען זיי דרינגען אריין. אָבער אָט די פארבען קענען ניט אָנריהרען זייער עיקר־פּרינציפּ, קענען ניט אי־בערבייטען זייער עצם מהות. דעריבער מוזען מיר רעכענען אין דעם גייסטיגען לעבען פון אַ פאָלק ווי אַ שטענדיגען עלעמענט ניט די אָדער יענע גרונד־אידעען, נאָר יענע בעשאַפונגס־כחות, וואָס ברענגען אריין אַ בעשטימטע פארב, אַ בעשטימטע שאַטירונג אין דער אַלגעמיין־מענשליכער גרונד־אידעע. די „לאָגישע שאַטירונ־גען", פון וועלכע ליוואים רעדט, זענען ניט דער איינציגער פאַקטאָר, וואָס דערקלערט אונז די חילוקי דעות ביי פערשיעדענע נאַציאָנען. „לאָגישע שאַטירונגען" גופא זענען ערשט אַ פועל יוצא פון יענע בעשאַפונגס־כחות אָדער בעשאַפונגס־פאָרמען, וואָס זענען, ווי פערשיעדענע געפעס, אין וועלכע עס קען אריינגעגאָסען ווערען יעדער אַלגעמיין־מענשליכער אינהאַלט. בעגעגנען מיר דעריבער ביי וועלכען עס איז פאָלק אזוינע געדאַנקען, וואָס געהען להיפך צו אַלע אונזערע מיינונגען וועגען יושר, אמת און שענהייט, זענען מיר גאָר ניט מחויב צו פאַלען כורעים פאר זיי און בעגעהן זיך מיט זיי, ווי מיט עפּעס אזוינס, וואָס האָט געמוזט, בלי שום תנאי, ארויסוואַקסען פון דעם „נאַציאָנאַלען גייסט", און וואָס האָט דערי־בער אַקוראַט אזא רעכט אויף צו זיין אויף דער וועלט, ווי די פּראָ־דוקטען פון אונזער אייגענעם געדאַנקען. מיר האָבען דאָס רעכט צו זעהען אין זיי אַ מאַסע פון טעות'ן און גרייזען, צו דערקלערען זייער

הערשאפט אין דעם לעבען פון א פאָלק דורך רייןַ־היסטאָרישע סבות און אומשטענדען, מיט וועלכע מען קען קעמפפען; און אָט דער קאמפף קען בשום אופן ניט זיין קיין בעליידיגונג פאר דעם „זשעני“ פון דעם געגעבענעם פאָלק. מיט דעם „נאציאָנאלען זשעני“ טאָרען מיר זיך ניט בעגעהן, ווי מיט אן אבגאָט, וואס שטעהט אין קדשי קדשים, פאר וועלכען מיר מוזען פאלען אויף די קני און אָננעמען אָהן א שום קריטיק זיין תורה, ווייל ער האָט כלומרשט א רעכט צו פאָדערן פון אונז א בלינדען „נעשה ונשמע“. מיר האָבען דאָס רעכט צו פערלאַנגען פון איהם, ער זאָל אויפנעמען די געדאנקען, וואָס מיר געפינען פאר אמת, יושר און שען, און זאָל אויפנעמען זיי אויף זיינע אייגענע נאציאָנאלע „כלים“, איבערארבייטען זיי אויף זיין נאציאָנאלען ארט, ניט אָנריהרענדיג זייער עצם מהות. און אויב מיר מוזען אין דער פראָפּאַגאנדא פון אונזערע אידעען רעכנען זיך מיט דעם „נאציאָנאלען זשעני“, איז דאָס נאָר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל עס איז נויטיג אין יעדען קאמפף פאר אידעען אָנצופאסען די מעטאָדען פון דעם אָנפאל און דער פערטיידיגונג צו דער ארומיגער סביבה, אויף וועלכע מען וויל ווירקען מיט דעם קלענסטען פערלוסט פון קראפט.

איינס איז אָבער קלאָר ווי דער טאָג, אז עס איז לגמרי ניטאָ קיין איין פערנינפטיגער טעם, פאר וואָס מיר זאָלען דארפען אָבהיטען די אָדער יענע נאציאָנאלע מיינונגען פון א פרעמדער ווירקונג, אָדער זיין אומרוהיג, אז זי וועט אין גאנצען חלילה פערשווינדען, בלויז דערפאר, וואָס די מיינונגען זענען נאציאָנאל און וואָס זיי זענען בעשאפען געוואָרען פון דעם „פאָלקס־גייסט“. יענע נאציאָנאליסטען, וואָס האָבען איינגעזעהן, אז אידעען און געדאנקען פון א וועלכען עס איז פאָלק בייטען זיך צו אָפט און צו גרינדליך, מען זאָל קענען בויען אויף זיי א וויסענשאפטליכע פערטיידיגונג פון דעם נאציאָנאליסטישען פרינציפּ, האָבען ארויסגעבראכט אן אנדער סברא — די היפּאָטעזע פון א פ אָ ל ק ס־כ אַ ר א ק ט ע ר. יעדעס פאָלק, זאָגען זיי, האָט בעשטימטע אינסטינקטען און געפיהלען, און אָט די אינסטינקטען און געפיהלען געפינען א קלאָרען

אויסדרוק דערהויפּט אויף די פעלדער פון סאָציאַלע, יורידישע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס. אייניגע פון די, וואָס האַלטען אָט מיט דער סברא, פערשפּרייטען די מאַכט פון דעם נאַציאָנאַלען אינסטינקט אויף אַלע ארויסווייזען אין אַלע קולטור־פעלדער פון א פאָלק. רענאַן, צ. ב., מיינט, אַז אַלע געשיכטליכע ארויסווייזען און אַלע כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון א פאָלקס־קולטור מוזען דערקלערט ווערען דורך פערבאָרגענע אָבער אונפערענדערליכע אינסטינקטען פון א פאָלק, וועלכע קיין שכל קען ניט דערקלערען. דער נאַטירליכער פּועל יוצא פון אַזא בליק איז דער געדאַנק, אַז עס איז ניטאָ קיין אַלגעמיין־מענשליכע, גוטע אינסטיטוציעס, נאָר פערשיעדענע אינסטיטוציאָנען זענען גוט פאַר פערשיעדענע פעלקער. דער געדאַנק איז א פּאָר מיט דעם אויבען דורכגענומענעם געדאַנק, אַז עס איז ניטאָ קיין אַלגעמיין־מענשליכער ריכטיגער אמת. אַקוראַט אַזוי ווי אויף דעם פעלד פון דער קונסט האָבען מיר פערשיעדענע נאַציאָנאַלע שולען — די איטאַליענישע, פלאַמאַנדישע א. ז. וו., אַזוי האָבען מיר אויך אויף דעם פעלד פון יורידישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס פערשיעדענע נאַצאָנאַלע טיפּען, און וואָס פאַר איין פאָלק איז גוט און גערעכט, קען פאַר דעם אַנדער פאָלק זיין א סם־המות, וועלכען ער וועט קיין מאָל ניט אָננעמען, און אויב ער וועט עס אָננעמען, וועט ער ניט אויסהאַלטען אויף לאַנג, ווייל, סוף כל סוף, קלייבט דאָס פאָלק אויס אָדער בעשאַפט אַליין אַזעלכע אינסטיטוציעס, וואָס זענען אָנגעמאָסטען צו זיינע אינסטינקטען און געפיהלען.

שטעלט אייך פאָר אַזא מין פּאָרטרעט: א קאָפּ, די גרוים ווי א מאָן, זיצט אויף א בויך, די גרוים ווי א פאַס; צוויי פּיס דינינקע ווי ביי א שפּין, און לאַנגע מאָגערע הענד, — אַזא פּאָרטרעט, וועט קיינער ניט זאָגען, אַז ער איז געמאַכט געוואָרען פון א קינסטלער, וואָס געהערט צו א בעשטימטער „ריכטונג“ אין דער מאַלעריי. אָבער דיזעלביגע „ריכטונג“, אריבערגעטראָגען אין די יורידישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס, רופט אָפטמאָל ארויס די פריידיגע התפּעלות אין די נאַציאָנאַליסטיש געשטימטע הערצער, ווייל זיי

זעהען אין אָט אזא גליקליכער פּראָפּאָרציאָן פון געזעלשאַפטליכע קלאַסען און פונקציעס דעם אויסדרוק פון דעם פאָלקס־אינסטינקט. אַן אינטעליגענץ, וואָס פערנעמט ניט מעהר פּלאַץ, ווי אַ מאָן ; לע־דיג־געהענדע קלאַסען, וואָס פערנעמען דעם פּלאַץ פון אַ גרויסער פּאַס ; די הענד — די ארבייטער — אויסגעמאָגערט און דאַר, און דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע געביי האַלט זיך אויף דינינקע שפּינען־פּיס....

מיר ווילען בשום אופן ניט אָבלייקענען, אז יעדעס פאָלק האָט אַ בעזונדער פאָלקס־כאַראַקטער. דעריבער לאָזען מיר אויך צו, אז דער פאָלקס־כאַראַקטער מוז געפינען זיין אויסדרוק אויף וועלכען עס איז אופן אין דעם פאָלקס־לעבען. אָבער מיר האַלטען די הי־פּאָטעזע פאַר צו ריזיקאַנט, פאַר צו ווענינ בעוויזען, וואָס זאָגט, אַז אָט דער כאַראַקטער איז דער איינציגער און וויכטיגסטער פאַקטאָר, וואָס בעשאַפט יורידישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס. אפילו ווען מיר וואָלטען שוין געווען אין דער לאַגע אויסצוגעפינען אויף קלאָר די גרונדשטריכען פון אַ וועלכען עס איז פאָלקס־כאַראַק־טער, — לעת עתה קען דאָס די פעלקער־פּסיכאָלאָגיע בשום אופן ניט אויספיהרען — וואָלט אויך יעמאָלט אונז אויסגעזעהן זעהר מקשה׳דיג ווען דערקלערען אַלע פּאָליטישע, יורידישע און סאָ־ציאַלע אינסטיטוציעס פון אַ פאָלק מעהר ניט ווי דורך דעם פאָלקס־כאַראַקטער.

ווי בעקאַנט, קענען צו פערשיעדענע פּאַרטייען, רעליגיאָנען און סעקטען פון אַ וועלכען עס איז פאָלק צושטעהן מענשען מיט כמעט דעמזעלביגען כאַראַקטער. דער כאַראַקטער פון די איינ־צעלנע חסידי׳ם האָט קיין ברעקעל ווירקונג ניט אויף דעם אינהאַלט פון די תורות, צו וועלכע זיי שטעהען צו. העכסטענס, וואָס דער כאַראַקטער קען אויסווירקען, איז, אַז די פּאַרטיי אָדער די רעליגיאָן זאָל אָננעמען אַ בעשטימטען טעמפּ אין איהר טאָן, אַ בעשטימטען גראַד פון שטאַרקייט אין איהר ארויסטרעטען, אַ בעשטימטען גראַד פון זיטליכקייט אין די מיטלען, וואָס זי ווענדט אָן אין דעם קאַמפּף צוליעב איהר אידעאַל. די ציעלען און אידעאַלען גופא ווערען דיק־

טירט ניט פון דעם כאַראַקטער, נאָר פון דער לאַגע, פון די בעדער־פעניסען און פון דעם שכל. אַקוראַט אזוי איז אויך מיט די געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס. יעדע פון זיי האָט אין זינען צו בעפרידיגען א וועלכע עס איז געזעלשאַפטליכע נויט; אז ניט, וואָלט זי איבערהויפּט ניט געקענט ארויסגערופען ווערען אין לעבען. עס איז לחלוטין ניטאָ אזעלכע אינסטיטוציעס, וועמענ׳ס ציעל עס זאָל בעשטעהן בלויז אין דעם, כדי אויסצודריקען דעם פאָלקס־כאַראַקטער! דאָרטען אָבער, וואו מיר האָבען פאר זיך געוויסע בעדער־פעניסען און מענשליכע ציעלען, האָבען מיר אויך אַן אַלגעמיין־מענשליכען פּראָביר־שטיין און מיט זיין הילף קענען מיר אָבשאַצען, אויף וויפיעל עס טויגען אָדער עס טויגען ניט יענע אינסטיטוציעס, וואָס ווילען בעפרידיגען די אָדער יענע בעדערפעניסען פון לעבען. געפינען מיר צווישען די אינסטיטוציעס פון א וועלכען עס איז פאָלק אַן אינסטיטוציע פון קנעכטשאַפט, געזעצען, וואָס גיבען איין טייל פון דער געזעלשאַפט די מעגליכקייט צו פערגוואַלטיגען אַנדערע טיילען פון איהר, וואָס גיבען די רייכע די מעגליכקייט אויסצוזויגען די אָרעמע, לעגט זיך יעמאָלט שווער אויפ׳ן שכל, אז זיי בעפרידיגען אין דעמזעלביגען גראד די אינטערעסען און די בעדערפעניסען פון די אונטערדריקטע און די אונטערדריקער, פון די פערפאָלגטע און די פערפאָלגער, פון די געשלאָגענע און די שלאָגער; עס לעגט זיך שווער אויפ׳ן שכל, אז אָט די אלע מענשען האָבען דעמזעלביגען „פאָלקס־כאַראַקטער“, וועלכער האָט ארויסגערופען צום לעבען יענע אינסטיטוציעס פון קנעכטשאַפט און רויב.

אָבער לאָמיר שענקען אונזערע געגנער נאָך איין פּאָזיציע. לאָז זיין, ווי זיי ווילען, ווען אפילו דאָס איז נאָך גאָר ניט בעוויזען געוואָרען, אז די ווירקונג פון דעם פאָלקס־כאַראַקטער ווייזט זיך ארויס אויף דעם ריינסטען אופן אין די פּאָליטישע, יורידישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס. לעבאָן, צ. ב., האַלט שטאַרק פון דעם געדאַנק, אז אין אלע שנויים, וואָס די אינסטיטוציעס פון דעם פראַנצויזישען פאָלק האָבען דורכגעמאַכט, געהט דורך, ווי א רויטער פאָדעם, דערזעלביגער, ניט פערענדערליכער שטריך פון דעם

פראנצויזישען פאָלקס־כאראקטער — די שטאאטליכקייט, דאָס בענקען נאָך א צענטראליזירטער מאכט. וואָס איז דערפון געדרונגען? הייסט עס דען, אז דער פאָלקס־כאראקטער איז דער איינציגער פאקטאָר, וואָס בעשטימט צו יעדער צייט דעם גאנצען אינהאלט פון די אינסטיטוציעס, וואָס האָבען זיך אזוי אומגעביטען? ס'פערשטעהט זיך, אז ניט. דערזעלבער שטריך — „דאָס וועלען רעגירט ווערען" — טרעט ארויס אין לעבען אין דער אינסטיטוציע פון אונבעשרענקטער מאָנארכיע אזוי גוט, ווי אין דער אינסטיטוציע פון א קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג אָדער א דעמאָקראטישער רעפובליק. דערזעלביגער צענטראליזם קען לעבען בשלום מיט דעם פעאָדאלען סיסטעם, מיט דעם סיסטעם פון א בורזשואזער ווירטשאפט, ווי אויך מיט יענע געזעלשאפטליכע פאָרמען, וואָס וועלען פערנעמען דעם פלאץ פון דעם איצטיגען בורזשואזען לעבען. דעם פראנצויזישען פאָלק קען אָבער ניט זיין אלץ איינס, אין וועלכער פון די פערשיעדענע אינסטיטוציעס דריקט זיך אויס זיין בענקען נאָך א שטאאטליכער מאכט; פאר איהם מוז דאָך זיין א גרויסע נפקא מינה, צו אזא בענקענים ווערט בעפרידיגט דורך א פעאָדאלע אריסטאָקראטיע, אָדער א ליבעראלע בורזשואזיע, אָדער דורך א שטאאטליכען לעבען, וואָס איז אויסגעבויט אויף דער דירעקטער רעגירונג פון דעם פאָלק און דינט די ארבייטער־אינטערעסען פון די פאָלקס־מאסען. דערפון איז אָבער געדרונגען, אז אויב מיר זאָלען אפילו נאָכגעבען דעם נאציאָנאליסט אין פונקטען, וואו די וויסענשאפט איז נאָך גאָר ניט אויף זיין זייט, מוזען מיר, אנאליזירענדיג וועלכע עס איז געזעצליכע אינסטיטוציעס, מאכען א שטרענגען חילוק צווישען יענע עלעמענטען זייערע, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס דער פאָלקס־כאראקטער, און זייערע אנדערע עלעמענטען, מיט וועלכע דאָס פאָלק בעפרידיגט די בעדערפעניסען פון דער אלגעמיין־מענשליכער קולטור. פיהרט מען אָבער דורך אזא אנאליז, קומען מיר צו דעם רעזולטאט, אז דערזעלביגער שטריך פון דעם פאָלקס־כאראקטער קען זיך ארויסווייזען אין די פערשיעדענסטע געזעלשאפטליכע אינסטי־

טוציעס; און צוריק, אז דיזעלבינע אינסטיטוציע קען ביי פערשיע־דענע פעלקער און צו פערשיעדענע צייטען בעקומען א בעשטימטע נאַציאָנאַלע שאַטירונג, אין וועלכער עס ווייזט זיך ארויס דער פאָלקס־כאַראַקטער.

דערפון איז אָבער ווידער א מאָל געדרונגען, אז מען קען ניט פערענטפערען דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ מיט א וועלכען עס איז בעשטימטען אינהאלט פון דער קולטור, מיט וועלכע עס איז בעשטימטע ענטפערס אויף די קולטורעלע שאלות בכלל, און די געזעלשאַפטליכע שאלות בפרט. די פערענטפערונג פון דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ קען געזוכט ווערען מעהר ניט, ווי אין די בעזונדערע נאַציאָנאַלע פאָרמען, כלים, בעשאַפונגס־כחות, וואָס טראָגען אריין אין די געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציאָנען אזא אָדער אַן אנדער שאַטירונג, וואָס מוז ניט געהן להיפך צו די אַלגעמיין־מענשליכע אידעאַלען פון אמת, יושר און חן.

III.

א חוץ „פאָלקס־זעעלע" און „פאָלקס־כאַראַקטער" ארבייט דער נאַציאָנאַליזם מיט נאָך א פּרינציפּ — מיט דעם „נאַציאָנאַלען געפיהל". ער שטופּט איהם ארויס אומעטום, וואו נאָר ער דארף פערענטפערען די אָדער יענע נאַציאָנאַלע פאָרדערונג, דערהויפּט אָבער יעמאָלט, ווען ער טרעט ארויס, ווי א מליץ יושר פאר פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט און אונאבהענגיגקייט פון אוועלכען עס איז אונטערדריקטען פאָלק.

עס פערשטעהט זיך, אז קיין מענש וועט קיין מאָל ניט קענען ברענגען א וועלכען עס איז קלוגען טעם, פאר וואָס מען זאָל אָבלייקענען דאָס רעכט פון יעדען פאָלק, אפילו דעם קלענסטען, אויף פּאָליטישע אונאבהענגיגקייט. אומעטום, וואו די אונטערדריקטע פעלקער, ווי אָרעם עס זאָל ניט זיין זייער ראָליע אין דער איצטיגער קולטור, קעמפּפען פאר פרייהייט און אנאבהענגיגקייט, וועלען אַלע עהרליכע ניט פעראינטערסירטע מענשען סימפּאַטיזירען מיט זיי און שטעהן אויף זייער זייט. „אז מיר זעהן", זאָגט בעבעל, „ווי פעלקער ווערען בעהערשט להיפך צו זייער ווילען, איז אונזער חוב

צו שטעלען זיך אויף דעם צד פון יענע, וואָס ווייזען ארויס זייער ווילען אראָבצוואווארפען פון זיך דעם פרעמדען יאָך. *)

אָבער דאָ ריידען מיר ניט וועגען יענע סימפאטיעס און וועגען יענע הילף, וועלכע מיר בעווייזען די פעלקער, וואָס קעמפפען שוין אָדער קלייבען זיך צו קעמפפען אנקעגען די פרעמדע הערשער. דאָ רעדען מיר וועגען דער פרינציפיעלער פראגע: זאָל מען אָדער זאָל מען ניט קעמפפען דערפאר, אז יעדעס פאָלק זאָל קענען לעבען נאַציאָנאַל־פאָליטיש פריי און אבהענגיג? זאָלען אָדער זאָלען ניט די סאָציאַליסטען פון א וועלכען עס איז פאָלק, וואָס האָט נאָך ניט קיין פאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, אָדער וואָס האָט זי פערלאָרען, אוועקשטעלען פאר זייער ארבייט דעם ציעל צו ערקעמפפען פאָליטישע פרייהייט פאר זייער פאָלק?

דער נאַציאָנאַליזם, דאָרטען וואו ער געהט מיט זיינע געדאַנקען ביז צום סוף, ענטפערט מיט „יע“ אויף די אלע פראגען פאר אלע פעלקער אונטער אלע אומשטענדען, אָנווייזענדיג דערביי אויף דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, דעם ערשטען בעוועגער פון יעדער נאַציאָנאַלער בעוועגונג, וואָס קען כלומרשט ערשט יעמאָלט לגמרי בעפרידיגט ווערען, ווען דאָס פאָלק וועט זיך דערשלאָגען צו א פולער פרייהייט און אונאבהענגיגקייט פון פרעמדע.

אונז דוכט, אז אזעלכע קאַטעגאָרישע ענטפערס, ווי „יע“ און „ניין“, קענען אויף די אויבען געשטעלטע שאלות ניט געגעבען ווערען; אז אויך דאָ, ווי אומעטום, הענגט א סך אָב פון די צייטיגע און די אָרטיגע אומשטענדען; אז דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל איז ניט מחויב אומעטום צו פאָרדערן פאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, און אז אָט דער „נאַציאָנאַלער געפיהל“ גופא בעקומט א גאַנץ אַנדערן פירוש, עס ווענדט זיך אָן דעם, ווער עס ווייזט אויף איהם אָן: דער נאַציאָנאַליסט־שאָוויניסט, וואָס לייקענט דעם אלגעמיין־מענשליכען אינהאַלט פון דער קולטור, אָדער דער אנהענגער פון

*) Vorwærts, Berlin, 1897, No. 54, די ביילאַגע פון 5טען מערץ

צווישען־פעלקערליכען פרינציפּ, וואָס גלויבט, אז דער הויפּט־אונ־טערשיעד צווישען נאַציאָנען ליגט אין זייערע נאַציאָנאַלע בעשאַ־פונגס־כחות, מיט וועלכע זיי דארפען אויסארבייטען דיזעלביגע אַלגעמיין־מענשליכע קולטור, אָבער ניט אין מיינונגען, געדאנקען, רעליגיאָנען א. ז. וו. מיר מוזען דריבער זיך עפּעס לענגער אָב־שטעלען אויף דער פראגע וועגען נאַציאָנאַלען געפיהל.

א טייל געלערנטע וויל האָבען, אז דער נאַציאָנאַלער געפיהל בעשטעהט פון א גאַנץ בעשטימטען אינהאַלט, ווי, צ. ב., דער גע־פיהל פון שענקייט, און אז ער איז פון דער אנדער זייט א נייער געפיהל, א היסטאָרישער פּראָדוקט פון דעם איצטיגען לעבען פון די פעלקער. „די ענטוויקלונג פון דעם נאַציאָנאַלען געפיהל", שרייבט, צ. ב., דיו־בוא־ריימאָן, „איז א נייע ערשיינונג אין דעם גייסטיגען לעבען פון די איצטיגע פעלקער, ווי, צ. ב., די ענטוויק־לונג פון דעם געפיהל פון ליעבע צו דער נאַטור." *)

לאָמיר זעהן, ווי איז דאָס אין דער אמת'ען ?

פאראַן געפיהלען, וואָס קומען אויף אונמיטעלבאר אין אונזער אָרגאַניזם; זיי דארפען ניט האָבען קיין איין פאָרשטעלונג, וואָס זאָל זיי ארויסרופען אין לעבען, ווי, צ. ב., הונגער, דורשט, מוסקעל־גע־פיהל א. ז. וו., אָבער א חוץ די אונמיטעלבארע „אינוועניגסטע" געפיהלען, זענען אַלע אַנדערע געפיהלען בלי שום תנאי פערבונדען מיט וועלכע עס איז אויסערע שפּירונגען אָדער פאָרשטעלונגען, וואָס די אויסערע סביבה רופט אין אונז ארויס. דאָס נאַציאָנאַל־גע־פיהל געהערט צו דעם לעצטען קלאַס : מען קען איהם ניט אָבריי־סען פון דער פאָרשטעלונג וועגען יענער נאַציאָן, צו וועלכער מען רעכענט זיך צו. ער איז פעסט צונויפגעבונדען מיט דעם נאַציאָ־נאַלען זעלבסט־בעוואוסטזיין. אָבער א נאַציאָנאַלער זעלבסט־בע־וואוסטזיין איז גאַנץ געוויס ניט קיין פּראָדוקט פון דער נייער צייט.

*) Du-Bois-Raymond, Ueber das Nationalgefuehl, S. 21.

אין די ערשטע פעריאָדען פון דעם היסטאָרישען לעבען, ווי נאָר אויף דער ערד האָבען זיך בעוויזען נאַציאָנען, פעלקער, שבטים, אַזוי האָט זיך אויפ׳ן שטעל בעוויזען מיט זיי אַ נאַציאָנאַלער אָדער אַ שבטים׳שער זעלבסט־בעוואוסטזיין. אפילו דער ווילדסטער שבט, וואָס שטעהט אויף דעם נידריגסטען שטאַפּעל פון דער קולטור, האָט אויך זיין נאָמען, וועלכער איז בעקאַנט יעדען יחיד, וואָס געהערט צו איהם, ד. ה., יעדער איינער ווייסט און פערשטעהט, אַז ער געהערט צו אַ בעשטימטער פאָלקס־גרופּע. ער האָט זיינע שבטים׳שע סימנים, ווי, צ. ב., בעשטימטע נאַציאָנאַלע קליידער, אַ בעשטימטען אַרט צו קעמען די האָר, בעשטימטע אויסקריצונגען אויף זיין ליב. אַט די אַלע סימנים היט ער אָב און האַלט זיי טייער מיט אַ נאַציאָנאַלען אָדער שבטים׳שען בעוואוסטזיין, ד. ה., מיט אַ בעוואוסטזיין פון דעם, אַז דורך די סימנים שיידט זיך אָב זיין שבט פון אַלע אנדערע שבטים. אין דעם שבט הערשט אויך נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט, וואָס טרעט אַרויס לכל הפּחות יעמאָלט, ווען ער געהט אַרויס אין קאַמפּף אַנקעגען אַן אַנדער שבט. עס איז איבריג צו זאָגען, אַז ער האָט אויך נאַציאָנאַלען שטאָלץ, נאַציאָנאַלע אויפ־געבלאָזענקייט און נאַציאָנאַלע בערימעריי, — אַלץ אַזעלכע מינים פון נאַיאָנאַלען זעלבסט־בעוואוסטזיין, וואָס טרעטען ביי די ווילדע און באַרבאַרישע פעלקער נאָך שטאַרקער אַרויס, איידער ביי די ציוויליזירטע נאַציאָנען. נאַציאָנאַלען זעלבסט־בעוואוסטזיין האָ־בען בלי שום ספק אויך יענע קליינינקע פעלקער, וואָס שטאַרבען ביסלעכווייז אויס, צוזייט און צושפּרייט צווישען איצטיגע קול־טור־נאַציאָנען, און וואָס שטעהען אין דעם פּרט פון נאַציאָנאַלען שטאָלץ אַ סך ווייטער הינטער די פרייע, זעלבסטשטענדיגע ווילדע פעלקער. זייער נאַציאָנאַלען זעלבסט־בעוואוסטזיין זעהט מען לכל הפחות אין דעם אינטערעס, וועלכען זיי ווייזען אַרויס, ווען מען רעדט צו זיי וועגען דעם גורל פון יענע גרופּפּען, וואָס שטעהען אין נאָהנטער קרובה־שאַפט צו זיי און וואָס לעבען אין אַנדערע געגענ־דען און ראַיאָנען.

דערפון איז געדרונגען, אַז דעם נאַציאָנאַלען געפיהל קען מען

בשום אופן ניט רעכנען פאר א פּראָדוקט פון דעם לעצטען יאהר־הונדערט. און א חוץ דעם איז ער ניט קיין בעזונדער געפיהל, וואָס זאָל האָבען א ספּעציפישען פּסיכאָלאָגישען אינהאַלט. מיר דאַכט, אז מען קען גאָר ניט רעדען וועגען איין איינציגען נאַציאָנאַלען גע־פיהל, ווײַלע אזא איינציג געפיהל איז ניטאָ במציאות. דאָס וואָס מיר רופען נאַציאָנאַל־געפיהל איז בעצם אַ גאַנצע שורה פון אַלגע־מיין־מענשליכע געפיהלען, וואָס ווערען ארויסגערופען דורך די פאָרשטעלונג פון דעם אייגענעם פאָלק אָדער דורך די פאָרשטעלונג פון פרעמדע פעלקער. ליעבע און האַס, התלהבות און מבזה זיין, מיטלייד און אכזריות, פערשעמטקייט און „קופּערנער שטערן“, — אָט די אלע אלגעמיין־מענשליכע געפיהלען קענען זיין דער אינהאַלט פון אַ נאַציאָנאַלען געפיהל, אויב זיי זיינען פערבונ־דען מיט דער פאָרשטעלונג וועגען א וועלכער עס איז נאַציאָן.

דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, וואָס האָט דיקטירט דעם בעריהמ־טען אויסגעשריי — ‘‘Finis Poloniae!’’ („אַ סוף צו פּוילען!“) אָדער דעם געפיהל, מיט וועלכען בראַנדעס ציטירט די ווער־טער: „דענעמאַרק פערשווינדט!“ קען מען ניט צונויפמישען אין איינעם מיט יענעם געפיהל, וואָס די דייטשע הוררא־פּאַטריאָטען האָבען, ווען זיי זינגען: „הייל דיר אים זיעגעס קראַנץ!“ און אפילו ביי דעמזעלביגען פּסיכישען אינהאַלט פון א נאַציאָנאַלען געפיהל דאַרף מען אויך תמיד קלאָר פאַנאַנדערשיידען, וועלכע ערשיינונג פון דעם פאָלקס־לעבען האָט איהם ארויסגערופען. דאָס התלהבות'־דיגע כורעים־פאַלען, וואָס ווערט ארויסגערופען, צ. ב., דורך נצחונות אויף דעם מלחמה־פעלד, קען מען ניט צונויפוואַרפען אין איין טאָפּ מיט דעם געפיהל פון התלהבות'דיגען כורעים־פאַלען, וואָס וואקסט אָן אין האַרצען יעמאָלט, ווען מיר טראַכטען וועגען די גרויסע דענ־קער פון דעם פאָלק, וועגען די העלדען פון זיין ציוויליזאציאָן און וועגען די גבורות, וועלכע ער האָט ארויסגעוויזען אויף דעם וועג פון פּראָגרעס. דער דייטש־נאַציאָנאַלער שטאָלץ, וואָס קלינגט אין די בעריהמטע ווערטער פון ענגעלס: „מיר האַלטען זיך גרויס מיט דעם, וואָס מיר שטאַמען אָב ניט נאָר פון אָווען און סען־סימאָן, נאָר

אויך פון קאַנט און העגעל“, — אָט דער דייטש־נאַציאָנאַלער שטאָלץ איז לגמרי פערשיעדען פון יענעם דייטש־נאַציאָנאַלען שטאָלץ, וואָס האָט זיך ארויסגעריסען אין די אויך זעהר בעקאַנטע ווערטער פון ביסמארק: „מיר, דייטשען, האָבען מורא פאר גאָט און מעהר פאר קיינעם ניט אין דער וועלט.“

דיזעלביגע ערשיינונג פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען קען ארויס־רופען ביי איינע א געשריי פון פרייד, ביי די אנדערע — די רויטע שאַם־פארב אויף די באַקען. ממילא איז דער נאַציאָנאַלער געפיהל פערשיעדען, עס ווענדט זיך אָן דעם, וואָס פאר א פּסיכישען אינ־האַלט ער האָט, וועלכע ערשיינונגען פון דעם פאָלקס־לעבען האָבען ארויסגערופען יענעם פּסיכישען אינהאַלט און ביי וועלכע פּערזאָ־נען און גרופּען ער האָט זיך ענטוויקעלט.

ביי דעם אָבשאַצען פון דעם נאַציאָנאַלען געפיהל טאָר מען ניט ארויסלאָזען פון זינען נאָך א וויכטיגען געדאַנק: נאַציאָנאַליטעט איז ניט דער איינציגער פּרינציפּ, וואָס פערבינדט מענשען אין בע־זונדערע גרופּען. א מענש געהערט ניט נאָר צו א וואָס׳ערע עס איז נאַציאָן, נאָר אויך צו א וואָס׳ער עס איז קלאַס, משפּחה, שטאַנד, רעליגיאָן, פּארטיי א. ז. וו. א מענש איז א גרופּען־בריאה, און דאָס, וואָס ער געהרט צו א וואָס׳ער עס איז גרופּע, רופט איז איהם ארויס געפיהלען, וואָס זענען כמעט אין גאַנצען גלייך צו דעם נאַציאָנאַלען געפיהל. א חוץ דעם נאַציאָנאַלען געפיהל קען־נען מיר אין דעם לעבען פון דעם מענשען בעמערקען א פּארטיי־געפיהל, א קלאַסען געפיהל, א סעקטען־געפיהל, א געפיהל פון א וועלכען עס איז מעמד (שטאַנד: א גביר אָדער א קבצן, א געלערנטער אָדער אַן עם־הארץ). ווייל אָט די אַלע גרופּען רופען ארויס ביי זייערע מיטגליעדער די־זעלביגע ערשיינונג, וואָס מיר געפינען, בעת מיר בע־טראַכטען דעם נאַציאָנאַלען געפיהל. פּארטיי־האַס, פּראַקציאָ־נען־קנאה, שטאַנדעס־עהרע (גביר׳ישער אָדער בעל־הבית׳ישער כבוד), לאָקאַל־פּאַטריאָטיזם, „יהופּעץ׳“׳ער גייסט און אפילו מע־נער־שטאָלץ און פרויען־בעוואוסטזיין קענען פּרינציפּיעל ניט זיין

פערשיעדען פון נאַציאָנאַלען האַס, שטאָלץ, עהרע, נאַציאָנאַלען גייסט און זעלבסט־בעוואוסטזיין. *)

אומעטום, וואו מען געפינט געזעלשאַפטליכע גרופען, וואָס קעמפפען איינע מיט די אנדערע, קענען מיר ביי זיי אויפדעקען דיזעלביגע פסיכישע ערשיינונגען, וועלכע מען האָט על פי טעות גערעכענט פאר ערשיינונגען פון דעם נאַציאָנאַלען געפיהל. אָט די פסיכישע ערשיינונגען שטאַמען ביי דעם יחיד פון זיין בעוואוסטזיין, אז ער געהערט צו א וואָס'ער עס איז געזעלשאַפטליכע גרופע, וועמענ'ס אינטערעסען ער רעכענט פאר זיינע אייגענע. אין די גרעניצען פון דעמזעלביגען שטאַנד, צ. ב., דעם אדעלשטאַנד, קען ארויסרייסען זיך א שנאה־קנאה צווישען איינצעלנע משפחות און

*) „פיליפס דערצעהלט וועגען זיין ערשטער בעקאַנטשאַפט מיט די איינוואָהנער פון באָטאַני בעי, אַז די מענער טראַכטען דאָרט מעהר ניט, ווי וועגען דעם, ווי אזוי זיי זאָלען וואָס ערגער בעגעהן זיך מיט זייערע ווייבער. אין דעם פרט העלפען זיי איינער דעם אַנדערן ; אָבער אויך די ווייבער לאָזען ניט דורך קיין געלעגענהייט נוקם צו זיין זיך אָן די מענער. דיזעלביגע זאַך געפינען מיר אומעדום ביי אַלע נעגער־פעלקער, וואו די מאַנסביל בילדען געהיימע פערבאַנדען און טראַכטען אויס פערשיעדענע מיטלען, ווי אזוי צו האַלטען זייערע ווייבער, אויף וועלכע זיי קוקען ווי אויף דינסטען, אין פולער אונטערטעניגקייט ; אָבער אויך די ווייבער בילדען אַקוראַט אזעלכע געהיימע געזעלשאַפטען". (Adolf Bastian der Mensch in der Geschichte Bd. III., S. 292). „ביי די קאַראַאיבען רעדען מאַנסביל און ווייבער אויף צוויי פערשיעדענע שפראַכען." (דאָרטען גופא, באַנד 1, ז. 283). „איין צד האָט ניט דאָס רעכט צו געברויכען די ווערטער פון דעם אַנדער צד." (דאָרטען גופא, ז. 387). מען דאַרף אויך בעמערקען, אז ביי די אביפאנער „שיידען זיך אָב די אַדעלסלייט פון דעם פאָלק אויך נאָך זייער לשון נאָך. דורך ארייגשטעלען און צושטעלען פון אנדערע אותיות, פערהויקערען זיי דיזעלביגע ווערטער פון דער פאָלקס־שפראך אויף אזא אופן, אז זי זעהט אויס כמעט ווי אַן אַנדער לשון." (דאָרטען גופא, ז. 387-388).

פאַמיליען. אָבער אָט די משפחות און פאַמיליען, וואָס ראַנגלען זיך איינע מיט די אַנדערע, וועלען פאָרט פיהלען זייער שותפות'ען בעלאַנגען צו דעמזעלביגען שטאַנד און וועלען האַלטען זיך פאַר פרעמד בנוגע צו אַלע אַנדערע שטענד. אין די גרעניצען פון דערזעלביגער נאַציאָן ברענט זיך פאַנאַנדער א קלאַסען־קאַמפף, אָבער אויך די קעמפפענדע קלאַסען קענען פיהלען, אז זיי געהערען צו דערזעלביגער, צו זייער א י י ג ע נ ע ר נאַציאָן און אוועקשטעלען זי להיפּך צו אַלע אַנדערע פ ר ע מ ד ע נאַציאָנען. דערפאַר איז אויך מעגליך דער אומגעקערטער פאַל און ניט נאָר מעגליך, נאָר מיר געפינען איהם אין דער ווירקליכקייט, — ווען אין די גרעניצען פון דעמזעלביגען קלאַס לאָזען זיך פיהלען נאַציאָנאַלע פערשיעדענהייטען, וואָס ווערען אונטערדריקט אין דעם נאָמען פון קלאַסען־איינהייט דאָרטען, וואו דער קלאַסען־בעוואוסטזיין, דער בעוואוסטזיין פון דעם בשותפות'ען בעלאַנגען צו א בעשטימטען קלאַס נעמט די אויבערהאַנד איבער דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין, דעם בעוואוסטזיין פון דעם בשופות'ען בעלאַנגען צו א בעשטימטער נאַציאָן. אין דעם פאַל ווערט דער נאַציאָנאַלער געפיהל אָבגערוקט אויף דעם צווייטען פלאַן און טרעט אָב זיין ערשטען אָרט דעם געפיהל פון קלאַסען־סאָלידאריטעט.

מען דאַרף אויך ניט פערגעסען, אז פערשיעדענע אַרטען פון גרופּען־בעוואוסטזיין און פון גרופּען־געפיהלען, וואָס זענען מיט איהם פערבונדען, האָבען אין פערשיעדענע צייטען ניט די גלייכע היסטאָרישע קראַפט. אין דער צייט פון דעם מיטעלאַלטער, צ. ב., איז דער נאַיצאָנאַלער געפיהל געווען לגמרי אונטערגעוואָרפען דעם רעליגיעזען און דעם פּאַרטיי־געפיהל; גאָר ניט לאַנג איז ער געווען כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען ביי די ארבייטער־קלאַסען פון וועסט־אייראָפּא, ווייל ביי זיי האָט זיך פון טאָג צו טאָג געשטאַרקט דאָס געפיהל פון צוגעהעריגקייט צו דעם קלאַס פון לוין־ארבייטער; און אין אונזערע צייטען האָט ער גענומען זיך ווידער פאַנאַנדערוואַקסען אין די הערצער פון דעם איצטיגען ציוויליזירטען פּראָלעטאַריאַט. אין דערינען ליגט דער גרונד, פאַר וואָס עס איז אזוי שווער

צו בעווייזען דעם יושר פון דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, פאר וואָס ע
איז ניט געגוג פשוט אָנצואווייזען אויף דעם הוילען פאַקט, אז עס
איז דאָ אזא געפיהל, כדי צו פערענטפערן מיט דעם גופא דעם נאַ־
ציאָנאַליזם, ווי א בעשטימטען פרינציפ פון געזעלשאַפטליכער אר־
בייט. שטעלט מען זיך אויף דעם ריין־אָביעקטיווען שטאַנדפונקט,
קען מען באמת ניט פערשטעהן, פאר וואָס זאָלען מיר אָבגעבען
מעהר כבוד דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, איידער דעם קלאַסען־געפיהל,
דעם רעליגיעזען געפיהל און דעם פאַרטיי־געפיהל. און די, וואָס
געפינען זיך אונטער דער פער'שכור'טער ווירקונג פון דעם נאַ־
ציאָנאַלען געפיהל, קענען אודאי ניט זיין קיין דינים אין דעם דין־
תורה, ווייל זיי זענען דאָך לכל הפחות ניט וועניגער פאַרטייאיש,
איידער די, אין וועמענ'ס הארצען עס ברענט דאָס געפיהל פון קלאַ־
סען־סאָלידאריטעט, סעקטען־איבערגעבענהייט, אָדער פאַרטיי־
פאַנאַטיזם.

אמת, דאָס בעלאַנגען צו אַוואָס'ער עס איז פאָלק, די נאַציאָ־
נאַלע אָבשטאַמונג איז א פריהערער און א נאַטירליכערער פאַקט,
איידער די צוגעהעריגקייט צו אַ פאַרטיי, צו אַ סעקטע אָדער צו אַ
קלאַס. די געמיינשאַפטליכע נאַציאָנאַלע סימנים, וואָס די יחידים,
די איינצעלנע, האָבען בשותפות, — סיי די גייסטיגע, סיי די קער־
פערליכע, — טרעטען ארויס אין דער צייט פריהער, איידער גע־
מיינשאַפטליכע געדאַנקען און אינטערעסען. כדי אָבער געזעל־
שאַפטליך צו גרופירען זיך, איז וויכטיגער פאַר אַלץ צו האָבען
גלייכע אינטערעסען. ערשט יעמאָלט קען מען קעמפפען פאַר די
אינטערעסען פון דער גרופּע. אָבער וועלכע גלייכע אינטערעסען
קען מען געפינען אין דעם פאַקט, וואָס אפולע מענשען האָבען
גלייכע לאַנגע נעז אָדער גלייכע מאַנדעלפאָרמיגע אויגען? די
פאָרדערונג, אז אזעלכע מענשען זאָלען געהערען צו דערזעלביגער
גרופּע וואָלט געווען ניט וועניגער נאַריש, איידער די פאָרדערונג, אז
אַלע ברונעטען פון דער גאַנצער וועלט זאָלען מאַכען איין אינטער־
נאַציאָנאַלע פאַרטיי.

שטעלט מען זיך אויף אזא שטאַנדפונקט, איז ניט שווער צו

פערשטעהן, פאר וואָס דער פּראָגרעסיווער געדאַנק פלעגט קוקען אויף דאָס נאַציאָנאַל־געפיהל, ווי אויף עפּעס אַזוינס, וואָס איז אין בעסטען פאַל א מהיכא־תיתא־זאַך, א זאַך, וואָס דאַרף אונז לאָזען אין גאַנצען קאַלט. הערצען, צ. ב., האָט געשריבען וועגען די נאַציאָנאַלע בעוועגונג פון זיין צייט בזה הלשון: „בנוגע צו די נאַציאָנאַלע קראַנקהייטען פון דער לעצטער צייט האָבען מיר זיך שטענדיג געהאַלטען אינדיפערענט, נאָר מיר טרעטען ניט אַרויס פיינדליך אַנקעגען זיי. זיי ליגען מסתמא אין דער פּיזיאָלאָגישער ליניע פון דער ענטוויקלונג. אָבער מיר קענען ניט פערגעסען, אַז זיי האָבען אַוועקגעשטופּט אָן א זייט די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַלע בעוועגונגען און האָבען אַזוי שטאַרק פערדונקעלט די מוחות פון די פעלקער און די פּערזאָנען, אַז אין זייער נאָמען האָבען גאַריבאַלדי און ביסמאַרק געקענט זיך געפינען אין איין לאַגער.... אַנקעגען די נאַציאָנאַלע בעוועגונגען דאַרף מען ניט קעמפּפען, נאָר בעגייסטערן זיך פאַר זיי איז אויך ניטאָ וואָס. אין זיי ווייזט זיך אַרויס די נידריגסטע שטופע פון דעם מענשענ'ס שטרעבונג צו געזעלשאַפטליכקייט, צום פערבינדען זיך מיט די „אייגענע" אַנקעגען די „פרעמדע"... יענע עלעמענטאַרע שטרעבונג — גרופּירען זיך לויט זאָאָלאָגישע סימנים—איז די ענטוויקלונגס־פאַזע פון קינדהייט, און קעמפּפען אַנקעגען דער פאַזע וואָלט געווען אַלץ איינס, ווי קעמפּפען אַנקעגען דעם, וואָס עס שניידען זיך מילך־ציינער." *)

כדי דער מאָמענט פון נאַציאָנאַלען געפיהל זאָל קענען אויפהערען צו זיין פאַר דעם פּראָגרעסיווען געדאַנק א מין מהיכא־תיתא־זאַך און זאָל ווערען א מאָטיוו פון בעוואוסטע האַנדלונגען, דאַרף מען האָבען גאַנץ אַנדערע טעמים, איידער די, וואָס שטאַמען פון אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע. אָבער דער נאַציאָנאַליזם האָט שטענדיג אויפגעוויזען אויף אינסטינקטען דאָרטען, וואו מען האָט פערלאַנגט שכל'דיגע ראיות, אויף אינסטינקטען, וואָס קענען בלי ספק פערטויבט ווערען דורך די שטים פון העכערע געפיהלען.

---

*) Искандеръ, Колоколъ, № 243.

# פינפטער קאַפּיטעל.

## סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם

### I.

דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל קען ניט פערענטפערען יענעם נאַציאָנאַליסטישען פּרינציפּ, וואָס לייקענט אין גאַנצען אָב דעם אַלגעמיין־מענשליכען אמת, אַלגעמיין־מענשליכען יושר און אַלגעמיין־מענשליכע שענהייט. לאָמיר זעהן, וואָס ווערט פון דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, ווען מיר שטעלען אַוועק, אָנשטאָט דעם נאַציאָנאַליסטישען פּרינציפּ, דעם פּרינציפּ פון צווישען־פעלקערליכער ברידערליכקייט אין יענעם פּשט פון דעם וואָרט, וועלכען מיר האָבען אָנגענומען אין דעם אָנהויב פון אונזער ארבייט, ד. ה., ווי א גרונד־פּרינציפּ פון דעם צווישען־פעלקערליכען לעבען, וואָס געהט להיפּך סיי צו דעם שאָוויניזם, סיי צו דעם קאָסמאָפּאָליטיזם. אַ פּולע סאָציאַליסטען, וואָס האַלטען זיך ביי דעם קאָסמאָפּאָליטישען פּירוש פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּרינציפּ, מיינען, אז די מאַטעריאַליסטישע אויסטייטשונג פון דער געשיכטע, וואָס זעהט אין דער „פּראָדוקציאָן און רעפּראָדוקציאָן פון דעם אומיטעלבאַרען לעבען" די הויפּט־סבה פון אַלע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען, פאָדערט אויך, מען זאָל גלויבען אין א מאַטעריאַליסטישע לעבענס־אַנשויאונג, נאָך וועלכער דאָס הויפּט־ציעל פון די אינדיווידועלע שטרעבונגען פון יעדען מיטלערען מענשען ליגט אויך אין דערזעלביגער „פּראָדוקציאָן און רעפּראָדוקציאָן פון דעם אונמיטעלבאַרען לעבען." די געדאַנקען, די געפיהלען און די מעשים פון די מענשען, אַזוי לערנען זיי, ווערען ניט נאָר, סוף כל סוף, בעדינגט דורך דעם

עקאָנאָמישען בוי פון דער געזעלשאַפט, נאָר האָבען הויפּטזעכליך אין זינען די בעפרידיגונג פון די מאַטעריעלע אינטערעסען. „אידעאַלאָ־גישע" בעדערפעניסען זענען מהיכא־תיתא־זאַכען, וואָס זענען בשום אופן ניט וויכטיג און וואָס שפּיעלען קיין שום ראָליע ניט אין די מאָטיווען פון דעם מענשליכען טאָן.

דאָס קערנדעל אמת, וואָס ליגט אין אזא בליק, בעשטעהט, נאָך מיין מיינונג נאָך, מעהר ניט ווי אין דעם, וואָס די בעפרידי־גונג פון די מאַטעריעלע בעדערפעניסען איז באמת דער פעסטער פונדאַמענט, אויף וועלכען עס קענען זיך ארויסווייזען און פאנאנ־דערוויקלען די העכערע שטרעבונגען פון דעם מענשען'ס נאַטור. „אויף יענער זייט פון דעם רייך פון דער נויטווענדיגקייט", זאָגט מאַרקס, „הויבט זיך אָן די ענטוויקלונג פון דער מענשליכער קראַפט, וואָס האָט איהר ציעל אין זיך גופא, דאָס אמת'ע רייך פון פרייהייט, וואָס קען ניט אנדערש אויפבליהען, סיידען אויף דעם רייך פון דער נויטווענדיגקייט, ווי אויף זיין באזיס". *)

נאָר יעמאָלט, ווען די מאַטעריעלע בעדערפעניסען ווערען ווי עס איז בעפרידיגט, — אָבער יעמאָלט שוין בלי שום תנאי, — בע־ווייזט זיך אויך ביי דער מאַסע־מענשען א שטרעבונג צו העכערע תענוגים, עס וואַקסט אָן איין אינטעלעקטועלער און עסטעטישער הונגער, וואָס וויל געשטילט ווערען. אָבער אויב עס איז אזוי, איז מוז די מאַטעריאליסטישע לעבענס־אנשויאונג, וואָס זעהט אין דער עקאָנאָמישער פערוואָרענטקייט און אין דעם קינדלען די העכסטע גיטער פון דעם לעבען, אָבטרעטען איהר אָרט דעם אידעאַליסטישען בליק אויף'ן לעבען, וועלכער שעצט א סך העכער דאָס רייך פון פרייהייט, איידער דאָס רייך פון נויטווענדיגקייט. **)

---

*) K. Marx, Das Kapital, Bd. III,[2] S. 355.

**) כדי אויסצומיידען א פּאָלעמיק מיט דעם דיאַלעקטישען מאַ־טעריאַליזם אין פילאָזאָפיע און געשיכטס־פילאָזאָפיע, וואָס קען ניט האָ־בען קיין פּלאַץ אין אונזער היינטיגער ארבייט, ווילען מיר בעמערקען, אז דער אידעאַליסטישער קוק אויף'ן לעבען קען גאַנץ גוט געהן האַנד

**אָבער דאָס רייך פון פרייהייט איז דאָס רייך פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען.**

שוין דער דייטשער געלערנטער **ריודיגער** האָט בע־מערקט די משונה'דיגע ערשיינונג, אז די ענטוויקלונג פון נאַציאָ־נאַלע היפּכים און סתירות איז געגאַנגען אין דעם נייַנצעהנטען יאהרהונדערט האַנד אין האנד מיט דער פערשפּרייטונג פון בילדונג און ציוויליזאציאָן, מיט דער פערשטאַרקונג פון צווישען־פעלקערליכע שייכות'ען און מיט דעם נעהנטער־ווערען פון די פעלקער איינס צו דעם אַנדערען אין זייער קולטור. וואָס מעהר די פעלקער זענען גע־וואָרען נעהנטער איינע די אַנדערע דורך זייערע מדות און מנהגים, געדאַנקען און אינסטיטוציעס ; וואָס מעהר זיי האָבען גענומען העל־פען דער מענשהייט אין דער ענטוויקלונג פון דער אַלגעמיין־מענש־ליכער קולטור — אלץ עפּטער האָבען זיך גענומען ארויסווייזען די נאַציאָנאַלע סתירות צווישען פערשיעדענע פעלקער, און אלץ שאַר־פער האָט גענומען אַרויסטרעטען דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסט־בעוואוסטזיין.

אָט די מערקווירדיגע ערשיינונג קען מען, נאָך מיין מיינונג נאָך, דערקלערען מעהר נישט ווי דורך דעם, וואָס ביי די נאָר וואָס צום קולטורעלען לעבען אויפגעוועקטע נאַציאָנען האָט זיך דער שווער־פּונקט פון דעם געזעלשאַפטליכען געדאַנק גענומען אריבער־

---

אין האַנד מיט דעם פילאָזאָפישען און היסטאָריש־פילאָזאָפישען מאַ־טעריאליזם. דאָס זעהט זיך קלאָר ארויס פון דער אויבען־אָנגעפיהרטער ציטאַטע פון קאַרל מאַרקס. א פערזוך צו פערבינדען דעם אידעאליזם פון לעבענס־אנשויאונג מיט דעם מאַטעריאליזם פון דער וועלט־אַנשויאונג איז געמאַכט געוואָרען פון דר. **פּעטערס** אין זיין בוך „דער גלויבען אין דער מענשהייט". (Dr. Peters, Der Glaube an die Menschheit, 1896, Stuttgart, Dietz.) אויך די שפּעטערע ארבייטען פון קויטסקי זוכען אויפצובויען א „רעוואָלוציאָנערען" אָדער „עטישען" אידעאליזם אויף דעם גרונד פון דעם פילאָזאָפישען און געשיכטס־פילאָזאָפישען מאַ־טעריאליזם.

טראָגען פון די „נויטיגע“ פעלדער פון דער קולטור אויף איהרע „פרייע“ פעלדער. קליידער, שפּייז, וואָהנונג, טעכנישע אופנים און פערשיעדענע מלאכות, געצייג און מאַשינען, — אַט די אלע זאכען, וואָס געהערען צו דעם מאַטעריעלען טייל פון דער קולטור, ווערען געמאַכט אונטער דעם אלערהעכסטען בעפעהל פון דער אלגעמיין־מענשליכער נויטווענדיגקייט. די ציעלען, וואָס מוזען בעפרידיגט ווערען דורך זיי, ווערען פון איין זייט דיקטירט דורך די נאַטירליכע סביבה, אין וועלכער דאָס פאָלק לעבט, פון דער אנדער זייט — דורך יענעם טייל פון דער פּסיכאָ־פיזישער אָרגאַניזאַציאָן, וואָס איז די אייגענע ביי אלע מענשען. די מיטלען, וואָס טויגען בעסער פאַר אלץ פאַר די בעפרידיגונג פון אזעלכע בעדערפעניסען, קענען נאָר על פּי מקרה בעקומען א נאַציאָנאַלען שטעמפּעל. וואָס מעהר די פעלקער קומען נעהנטער איינס צו דאָס אנדערע, אלץ מעהר מוזען גובר זיין אין דעם קאַמפּף פאַר עקזיסטענץ אזוינע מיטלען, וואָס זענען בעסער אָנגעפּאַסט צו דעם ציעל, ד. ה., וואָס בעפרידיגען בעסער ביי די געגעבענע קולטורעלע און סאָציאַלע בעדינגונגען די בעדערפעניסען, וואָס ליגען אויף דעם גרונד פון די „נויטווענדיגע“ קולטור־צווייגען.

א גאַנץ אנדער מעשה איז מיט יענע צווייגען פון דער קולטור, וועלכע מיר האָבען אָנגערופען די „פרייע“. קונסט, ליטעראַטור, פּאָעזיע, רעליגיאָן, פילאָזאָפיע, — מיט איין וואָרט, אלע יענע פּראָבלעמען, וואָס קענען ניט פערענטפערט ווערען דורך געדאַנקען ווע־גען א בעסערען קאַמפּאָרט, און וועמען'ס ענטפערן עס ציהען צו צו זיך דעם גאַנצען מענשען, זיינע בעסערע געדאַנקען און געפיה־לען, — אַט די צווייגען פון דער קולטור מוזען אָננעמען א וואָס'ער עס איז נאַציאָנאַלע פארב, ווייל ביי זייער בעשאַפען ווירקען ניט נאָר די אלגעמיין־מענשליכע און אינדיווידועלע בעשאַפונגס־כחות און כלים, נאָר אויך די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען. דאָס, וואָס עס ציהט צו צו זיך אין גאַנצען די נשמה פון דעם יחיד, מוז אויך אין דערזעלביגער צייט ארויסרופען די ארבייט פון דער פאָלקס־נשמה, וואָס עס איז אריין אין דעם יחיד אויף דעם וועג פון

פסיכאָ־פיזישער ירושה. נאָר דאָרטען, וואו דאָס פאָלק גיט זיך אַוועק מיט לייב און לעבען צו אַ וועלכען עס איז צווייג פון דער קולטור, קען בולט און שאַרף ארויסטרעטען זיין נאַציאָנאַלער זשעני, דער בעזונדערער אייגענאַרטיגער כאַראַקטער פון זיינע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־כחות. און נאָר אין די „פרייע“ פעלדער פון דער קולטור ווערט דאָס פאָלק נאַציאָנאַל אין יענעם העכערען פשט פון דעם וואָרט, וואָס מיינט ניט נאָר, אז דאָס פאָלק שיידט זיך אָב אין וואָס עס איז פון אנדערע פעלקער, נאָר ווייזט אָן, אַז עס זענען דאָ ביי דעם פאָלק בעזונדערע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען, איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור, אַ דאַנק דעם לאַנגען בשותפות'דיגען לעבען פון די פאָלקס־קינדער אין דערזעלביגער קולטורעלער אַטמאָספערע.

*אָט די בעשאַפונגס־פאָרמען פון אַ וואָס'ער עס איז נאַציאָן ברענגען אַרויס אַזעלכע קולטורעלע גיטער, וואָס קענען ניט בעשאַפען ווערען פון קיין איין אַנדער פאָלק אין דער וועלט.* אַ פולע פראָדוקטען פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, ווי, צ. ב., פּאָעזיע און ליטעראַטור בכלל, זענען דאָ אויף דער וועלט ניט אנדערש, סיידען אין אַ וואָס'ער עס איז נאַציאָנאַלער פאָרם, און מען קען זיך ניט פאָרשטעלען, זיי זאָלען זיין אָהן אַ וואָס'ער עס איז נאַציאָנאַלער פאָרם. העכסטענס, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען, איז, אז זיי זאָלען איבערגעגאָסען ווערען פון איין נאַציאָנאַלער פאָרם אין איין אַנדערע. אָבער אויך יעמאָלט איז זעהר שווער צו מאַכען פערלירען אין זיי די שפורען פון איהר פריהערדיגער נאַציאָנאַלער פאָרם. די נאַציאָן איז אַ וואַרשטאַט, וואו די מעגליכע פראָדוקטען פון דער אַלגעמיין־מענשליכער העכערער קולטור בעקומען זייער קאָנקרעטע ווירקליכע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ; אָדער ריכטיגער; *די נאַציאָן, דאָס איז אַן אָרגאַניזם, וואָס האָט אין זיך בעשטימטע נאַציאָנאַלע כחות, פון וועלכע עס שפּראָצען אַרויס די הע־*

כערע פּראָדוקטען פון דער אַלגעמיינ־ מענשליכער קולטור, וואָס זענען אין גאַנצען דורכגענומען מיט דעם גייסט, וואָס ליגט אין יענע כחות.

אין איינעם מיט דער ליעבע צו די העכסטע קולטור־ווערטען פון דער מענש־ הייט מוז על פּי הכרח געהן האַנד אין האַנד די ליעבע צו יענע נאַציאָנאַלע פאָרמען, אין וועלכע זיי האָבען זיך בע־ וויזען, צו יענע בעשאַפונגס־כחות, וואָס האָבען זיי אַרויסגערופען אויף דער וועלט.

אָט דאָס איז דער פונדאַמענט פון אַן אמת מענשליכען נאַ־ ציאָנאַלען געפיהל, וואָס שלאָגט ניט פון דעם קוואַל פון וואָס׳ער עס איז אונבעוואוסטע פיזיאָלאָגישע און ראַסאָווע קאַפּריזען, נאָר פון דעם קוואַל, וואָס לעבט אין יעדען מענשען, פון זיין ליעבע צו אמת, יושר און שענקייט, וועלכע מען קען זיך ניט פאָרשטעלען אָהן וועלכע עס איז בעשטימטע נאַציאָנאַלע פאָרמען.

פאַר די מיטגליעדער פון אַ וואָס׳ער עס איז נאַציאָן, וועמען עס זענען טייער די העכערע קולטור־ווערטען, קען ניט זיין קיין עדלערע אויפגאַבע, איידער די, וואָס זוכט אַרומצורינגלען דעם בעשאַפער פון די קולטור־ווערטען, ד. ה., די בעשטימטע נאַציאָן, מיט אַזעלכע בעדינגונגען פון לעבען, וואָס זאָלען קאַווירען איהר אַ פרייע נאַציאָנאַלע ענטוויקלונג. די אינטערעסען, וואָס וואַקסען אויס פון אַזאַ אויפגאַבע, זענען רעאַלע אינטערעסען פון דער הע־ כערער קולטור, און דאָס רעכט צו דיענען זיי קען מען ניט אָבלייקע־ נען פון קיין איינציגען שטאַנדפּונקט, אויב נאָר די נאַציאָנאַלע בע־ וועגונג, וואָס וויל בעפרידיגען יענע אינטערעסען, ווענדט ניט אָן קיין מיטלען, וואָס געהען להיפּך צו די אינטערעסען פון דער אַלגע־ מיינער קולטור, און אויב נאָר זי ריהרט ניט אָן די אינטערעסען פון

די אַנדערע פעלקער, וואָס האָבען אַקוראַט אזא רעכט אויף נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ און ענטוויקלונג.

דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל, — די ליעבע צום פאָלק, וואָס וואַקסט אַרויס פון דער ליעבע צו זיין לשון, זיין פּאָעזיע, זיינע גבורות אויף די פעלדער פון פרייהייט; דער רחמנות צו איהם, ווען אויסערליכע אָדער אינערליכע סבות לאָזען איהם ניט אין גאַנצען פאַנאַנדערוויקלען אלע זייטען פון זיין טאַלאַנט; די שנאה צו אַנדערע פעלקער (און קוקט מען זיך נעהנטער צו, פערדינען די שנאה נאָר די הערשער פון די אנדערע פעלקער), וואָס זעהען צו פערשקלאַפען איהם און מאַכען פאר איהם אונמעגליך די וויטערע זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג; אפילו די קנאה צו אנדערע פעלקער, וואָס האָבען איהם אַריבערגעיאָגט אויף דעם וועג פון פּראָגרעס, — די קנאה, וואָס טרייבט אָן צו אייגענער קולטורעלער אַרבייט, — אַזאַ נאַציאָנאַלער געפיהל, וואָס ווערט געשפייזט פון אַזעלכע מאָטיווען, האָט שטענדיג געוואַרעמט די הערצער פון די בעסטע מענשען פון אלע נאַציאָנען אָהן אַן אונטערשייד פון פּאַרטיי און ריכטונג. מעהר ניט ביי די קראַנקע פעלקער, וועמען עס האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבען צו פערווארענען זיך מיט אַלע בעדינגונגען, וואָס זענען נויטיג פאר זייער וויטערע זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג, און וועמענ׳ס רעכט אויף עקזיסטענץ עס ווערט אָבעגלייקענט פון די שטאַרקערע אָדער קולטורעל ענטוויקעלטערע שכנים, — נאָר ביי די קראַנקע פעלקער טרעט זעהר אָפט ארויס דאָס נאַציאָנאַלע-געפיהל מיט א שאָטען פון נערוועזען און קאַפּריזנעם שאָוויניזם, בעת ביי די געזונטע פעלקער, קען זיין, אז דאָס געפיהל לעבט גאָר ניט אזוי קלאָר אין דעם בעוואוסטזיין פון זייערע בעסערע מענשען, ווייל געזונד און גליק קומט בכלל זעהר זעלטען אריין אין בעוואוסטזיין.

מיר וואָלטען געקענט ברענגען פיעל ציטאַטען פון א סך דענקער, וועמענ׳ס ערנסטע איבערגעבענהייט צו דעם אַלגעמיין-מענשליכען פּראָגרעס שטעהט העכער פאר יעדען ספק און וועמענ׳ס טיעפע שנאה צום נאַציאָנאַלען שאָוויניזם איז קלאָר ווי דער טאָג,

ציטאַטען, וואָס בעווייזען אונזערע נאָר וואָס געזאָגטע רייד. מיר וועלען נאָר ברענגען אייניגע שטעלען פון פּ. ל. לאַוראָווס „היסטאָרישע בריעף“, כדי צו זעהן, וואָס אמת פּראָגרעסיווע מענשען טראַכטען וועגען נאַציאָנאַליטעט.

נאָך לאַוראָוו'ס מיינונג נאָך, איז די נאַציאָנאַליטעט א „ג ר ו י ס ע ר פּ ר י נ צ י פּ“, *) און „ווי א פּראָדוקט פון דער נאַטור און דער געשיכטע,“ האָט די נאַציאָנאַליטעט א רעכט אויף עקזיסטענץ. „מען קען ניט אויסמיידען, אַז די אָדער יענע נאַציאָנאַליטעט זאָל אין דעם געגעבענעם מאָמענט פון דער געשיכטע ניט ווערען דער רעאַלער פאָרשטעהער פון דער פּראָגרעס-בעוועגונג אין דער גאַנצער מענשהייט.“ „איהר געשיכטליכע ראָליע ווערט בעשטימט דורך איהר כח צו ווירקען אויף אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען און ד ע ר ב י י אָ ב ה י ט ע ן ס י י א י ה ר ע א י י ג ע נ ע, ס י י פ ר ע מ ד ע א י י ג ע נ ט י מ ל י כ ק י י ט ע ן“. **)

איז א מאָל א נאַציאָנאַליטעט געוואָרען א היסטאָרישע, איז זי בשום אופן ניט פער'משפּט דערצו, אַז זי זאָל ווען עס איז שטאַרבען. די געשיכטע ווייסט ניט פון אַ נאַטירליכען טויט פאַר נאַציאָנען. „זי ווייסט מעהר ניט א גאַנצע שורה פון געטויטע נאַציאָנאַליטעטען: איין נאַציאָן האָט געטויט די אַנדערע. דעריבער בלייבט נאָך די פראַגע ניט פערענטפערט: „קען איבערהויפּט א היסטאָרישע נאַציאָנאַליטעט שטאַרבען אויף אַ נאַטירליכען אופן?“

לאַוראָוו קעמפּפט אַנקעגען די פאַלשע אידיאַליזאציע פון דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ; אָבער אין דערזעלבער צייט ווייזט ער אָן, אַז עס איז דאָ א גערעכטע אמת'ע אידעאַליזאציע, און זי בעשטעהט אין דעם, וואָס „י ע ד ע“ נאַציאָנאַליטעט קען אונטער גליקליכע אומשטענדען ווערען אַ היסטאָרישער פּראָגרעסיווער פיהרער. וואָס בעסער זי וועט פערשטעהן די איצט-צייטיגע פאָדערונגען פון דער מענשהייט, וואָס גאַנצער און טיעפער זי וועט זיי

*) אונטערשטריכען פון לאַוראָוו גופא.

**) אונטערשטריכען פון אונז.

לאָזען אריינגעהן אין די פאָרמען פון איהר קולטור און אין די דער־קלערונגען פון איהרע געדאַנקען, אלץ גרינגער וועט זי קענען דער־גרייכען די מדרגה פון אזא היסטאָרישען פיהרער"... „דעריבער בע־שטעהט דער אמת'ער נאַציאָנאַלער פאַטריאָטיזם פון דעם יחיד אין דעם, וואָס ער בעלייכט די נאַטירליכע פאָרדערונגען פון זיין נאַציע מיט דעם קריטישען פערשטעהן פון יענע פאָרדערונגען, וואָס דער אַלגעמיין־מענשליכער פראָגרעס שטעלט ארויס"... „די פאָר־דערונג אָבצוהיטען די אייגענע נאַציאָ־נאַליטעט, ווי אַ זעלבסטשטענדיגע און בעזונדערע אײנהייט, איז אַ גערעכטע פאָרדערונג, ווייל דאָס געהט האַנד אין האַנד מיט דעם שטרעבען, אַז די אידעען, אין וועלכע אַ מענש גלויבט; דער לשון, וועלכען ער רעדט; און די לעבענס־ציעלען, וועלכע ער האָט פאַר זיינע אויגען, זאָלען אריבערגעהן, ווי אַ לעבענס־עלעמענט, צו די קומענדיגע דורות, און זיי זאָלען זיך איבערבייטען לויט די פאָרדע־רונגען פון דעם פראָגרעס אין דער מענשהייט, אָבער זיי זאָלען ניט אויסשטאַרבען. אָבזאָגען זיך אויפצוהאַלטען זיין נאַציאָנאַליטעט האָט נאָר יענער דאָס רעכט, פאַר וועמען עס איז געוואָרען קלאָר ווי דער טאָג, אַז זיין נאַציאָן האָט אריינגענומען אין זיך אויף אייביג אַן עלעמענט פון שטילשטעהן אָדער רעאַקציע און קען בשום אופן ניט פטור ווערען פון יענעם עלעמענט. אָבער וועלכע נאַציאָנאַלי־טעט קען דערפון ניט פטור ווערען?" „טראָגט אַריין אין די גע־דאַנקען פון אייער נאַציאָן וואָס מעהר אמת! טראָגט אַריין אין דעם בוי פון איהרע געזעלשאַפטליכע פאָרמען וואָס מעהר יושר! יעמאָלט וועט זי אָהן מורא זיך קענען שטעלען אין איין שורה מיט די אַנ־דערע נאַציאָנען, ווען מען'ס געדאַנקען עס האָבען אין זיך ווייניגער אמת, ווען מען'ס פאָרמען פון געזעלשאַפטליכען לעבען זענען וועני־גער דורכגענומען מיט יושר. זי וועט ווירקען אויף זיי, זי וועט זיי גייסטיג אונטערטעניג מאַכען און וועט דערביי ניט נויטיג האָ־בען אויפצועסען זיי, ד. ה., אָבצונעמען ביי זיי דעם זעלבסט־שטענדיגען היסטאָרישען לעבען. אַזאַ מין ווירקען אויף אַנדערע,

אזאַ מין אונטערטעניג מאַכען האָט דאָס רעכט צו וועלען יעדער אמת׳ער פּאַטריאָט; צו אַזאַ מין בעדייטונג פון זיין פאטערלאַנד האָט ער א ראציאָנאַלעם רעכט צו שטרעבען; אזא מין היסטאָרישער אויבערהערשאַפט פון זיין נאַציאָן איבער אַנדערע האָט ער אַ רעכט צו העלפען מיט אַלע זיינע כחות, ווייל ער העלפט דערמיט גופא דעם פּראָגרעס פון דער מענשהייט. אַ פּראָגרעס איז ניט קיין פּראָצעס אָהן א וועמען. ווער עס איז דארף זיין זיין אָרגאַן; אַ וואָס׳ערע עס איז נאַציאָנאַליטעט מוז פריהער, איידער אנדערע, און קען בעסער, פולער, איידער אנדערע, ווערען דער פאָרשטעהער פון דעם פּראָגרעס אין דער געגעבענער צייט. אַן אמת׳ער פּאַטריאָט קען און זאָל וועלען, אַז דאָס זאָל ווערען ז י י ן נאַציאָנאַליטעט, און אז ער זאָל אויף אַזאַ אופן העלפען איהר צו איהר היסטאָרישע בעדייטונג. אָט דוקא דערפאר, וואָס איהם איז בעסער בעקאַנט די קולטור פון זיין פאָלק און ער איז מעהר צוגעוואָהנט צו איהר; וואָס איהם איז לייכטער אריינצונעמען אין זיך די אופנים פון דענקען, און פון טאָן פון זיינע ברידער, קען ער לייכטער בלייבען א פּאַטריאָט און צו דער אייגענער צייט האָבען אין זינען אַלגעמיין־מענשליכע ציעלען. דער ראציאָנאַלער פּאַטריאָטיזם ליגט אין דעם שטרעבען צו מאַכען די אייגענע נאַציאָן פאר דעם שטאַרקסטען טוער אין דעם מענשליכען פּראָגרעס, און צו דערזעלבער צייט וואָס ווייניגער אָברייבען איהרע אייגענע כאַראַקטעריסטישע שטריכען.״

די בעגרינדונג פון דעם ראציאָנאַלען (שכל׳דיגען, גערעכטען) פּאַטריאָטיזם, דאָס קלוגע מענשליכע נאַציאָנאַל־געפיהל, וואָס מיר געפינען אין די שטעלען פון לאַווראָוו׳ן, גיסט זיך ניט אין גאנצען צונויף מיט יענע טעמים, וועלכע מיר האָבען דאָ אין אונזער ארבייט געבראַכט צוליעב די בערעכטיגונג פון דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, ווען מען בעטראַכט איהם פון אַן אינטערנאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט. מיר האַלטען ניט פאר נויטיג אריינצולאָזען זיך אין א בפּרטיות׳דיגע חקירה פון לאַווראָוו׳ס ארגומענטען; דערצו וואָלט מען געדארפט קריטיש איבערקוקען זיין גאַנצע טעאָריע פון פּראָ־

גרעס, וואָס איז פערבונדען מיט זיין אַלגעמיין־פילאָזאָפישען און ערקענטניס־טעאָרעטישען געדאַנקען. בעת מיר האָבען געבראַכט די שטעלען, האָבען מיר געהאַט אין זינען מעהר ניט, ווי איין ציעל — צו בעווייזען, אז אפילו אזא אנהענגער פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פרינציפּ, ווי דער פערשטאָרבענער רוסישער דענקער איז געווען, האָט ניט געהאַט קיין שנאה צו דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ, צו דעם, ווי ער דריקט זיך אויס, „גרויסען פּרינציפּ" און האָט בכלל ריכטיג אויפגעוויזען אויף די בערעכטיגונג פון דעם נאַציאָנאַלען געפיהל (דעם „פּאַטריאָטיזם") פון שטאַנדפּונקט פון פּראָגרעס דאַרטען, וואו ער געהט ניט להיפּך מיט דער שטרעבונג צו אַלגעמיין־מענשליכער ענטוויקלונג. ער האָט אויך אויפגעוויזען, אז אזא געפיהל איז ניט נאָר ניט פיינדליך צו דעם פּראָגרעס און צו דער ענטוויקלונג פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, נאָר אדרבה, אז ער קען ווערען איינער פון די שטאַרקסטע געצייג, כדי אויפצוהויבען די קולטור פון א פאָלק אויף א העכערע מדרגה.

אָט אין דעם איינזעהן, אז אזא נאַציאָנאַל געפיהל איז גערעכט, און אין דעם גאַנצען פּראָגראַם פון ארבייט, וואָס מוז ארויספליסען פון יענעם איינזעהן, ליגט דער טיעפער חלוק, וואָס שיידט אָב דעם איצטיגען אינטערנאַציאָנאַלען פּרינציפּ פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, פאַר וועלכען עס זיינען געפאַלען כורעים די אינדוסטריעלע און סוחר'ישע קלאַסען פון אכטצעהנטען און דעם אָנהויב פון נייינצעהנטען יאהרהונדערט.

II.

נאָך בולט'ער טרעט ארויס די בערעכטיגונג פון דעם פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַלען געפיהל, ווען מען דערמאָנט זיך, ווי גרויס די ראָליע איז פון די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־כחות ביי דעם ארויסברענגען פון אַלע צווייגען פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור.

לאָמיר דעריבער נאָך א מאָל דורכנעמען אַלע צווייגען פון דער קולטור, וואָס מיר האָבען בעשריבען אין דעם אָנהויב פון אונזער ארבייט: די שפּראַך, די טעכניק, די עקאָנאָמיק, די סאָציאַלע אינ־

סטיטוציעס, יוריספּרודענץ, פּאָליטיק, וויסענשאַפט, פילאָזאָפיע, רעליגיאָן, קונסט, זיטליכקייט, די מדות און מנהגים, קינדער־ערציהונג און דאָס היסטאָרישע לעבען.

גאָר אין אָנהויב פון דעם לייסטער בעגעגנען מיר זיך מיט דער ערשטער און וויכטיגסטער ערשיינונג פון מענשליכען קולטורעלען בעשאַפען — מיט דער שפּראַך. די אויס־אַרבייטונג פון דעם מענשליכען לשון איז מעהר פאַר אַלץ אונטער־געוואָרפען אונטער דער ווירקונג פון די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־כחות. אָבער דער לשון איז אין דערזעלביגער צייט יענער פעלד פון דער קולטור, אויף וועלכען די אינטערעסען פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס זענען ענג און אונצוררייסליך צונויפגעבונדען מיט דער ענטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. צוציהען אַ וואָסער־עס־איז פאָלק צו דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, פאַנ־אַנדערטיילען אַלע גייסטיגע גיטער פון דער קולטור צווישען די איינצעלנע מיטגליעדער פון פאָלק און זעהן, אַז זיי, אָט די מיט־גליעדער, זאָלען ווערען בעוואוסטזיניגע אַרבייטער אין דער וויטערער ענטוויקלונג פון איהרע פּראָגרעסיווע עלעמענטען, — דאָס אַלץ איז מעגליך נאָר יעמאָלט, ווען מען בענוצט זיך מיט דער שפּראַך, וועלכע דאָס פאָלק רעדט. אבער כדי די פאָלקס־שפּראַך זאָל קענען נעמען אויף זיך יענע פּראָגרעסיווע אַרבייט, כדי זי זאָל קענען ווערען אַ מיטעל, וואָס איז פעהיג פאַנאַנדערצוטראָגען אין אַלע ווינקעלעך פון דעם פאָלקס־לעבען די העכערע קולטור, דאַרף זי זיין רייך אין ווערטער, רייך אין אויסדריקע, רייך אין שאַטירונגען, וועלכע זאָלען איהר געבען דעם כח איבערצוגעבען אפילו די קלענסטע קנייטשען, בויגונגען און פיינקייטען פון דעם איצטיגען קולטורעלען געדאַנק. אבער וואָס רייכער און וואָס מעהר אויסגעאַרבייט אַ לשון איז, אַלץ מעהר נאַציאָנאַל איז ער.

אַ דאַנק די נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען פון דעם לשון, איז אויך אונזער געדאַנק, וואָס קען ניט אָבגעטיילט ווערען פון דער שפּראַך, אַלץ מעהר און מעהר איינגעטונקט אין די פאָרמען פון דעם נאַציאָנאַלען בעשאַפען. „ווען מיר דערמאָנען זיך,“ זאָגט

אבעל *), „אַז אַ ל ע ווערטער פון אַלע לשונות האָבען נאָר יענעם פשט, וואָס פּאַסט פאַר זיי, און אַז די ווערטער פון אַנדערע שפּראַכען, וואָס וואָלטען געזאָלט אויסדריקען דעמזעלביגען מיין, קענען ניט אין גאַנצען צוגעפּאַסט זיין צו זיי, — יעמאָלט קענען מיר אויסמעסטען, ביז וואָס פאַר אַ גראַד אונזערע געדאַנקען ווערען נאַציאָנאַל, אַ דאַנק דער שפּראַך." און אין אַן אַנדער אָרט זאָגט ער:

„דורך דאָס גאַנצע ווערטערבוך בעמערקען מיר דיזעלביגע ערשיינונג: די ווערטער, וואָס זאָלען אין די פערשיעדענע שפּראַכען אויסדריקען דעמזעלביגען מיין, ווייזען געוועהנליך אָן, בעת מען קוקט זיך נעהנטער צו צו זיי, אויף בעדייטונגען, וואָס געהן זיך אַ ביסעל פאַנאַנדער איינע פון די אַנדערע. **)

מען דאַרף אויך ניט פערגעסען, אַז וואָס רייכער און שענער עס ווערט דער נאַציאָנאַלער לשון, אַלץ ליעבער און טייערער ווערט ער ביי יעדען יחיד, און אין דערינען ליגט אַ זעהר וויכטיגער עלעמענט פון דער ענטוויקלונג פון דער מענשליכער קולטור. די שפּראַך האָט פון דעם מענשען געמאַכט אַ מענשען אויך אין דעם זין, וואָס זי האָט איהם בעקאַנט געמאַכט מיט דער פרייד פון דעם עסטעטישען געפיהל, מיט אַ פרייד, וואָס איז ניט פערבונדען מיט קיין מאַטעריעלע זאַך. עס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש, וואָס די קראָאַטען אין דעם צוויי־שפּראַכיגען איסטריען רופען אָן זייער אייגענעם לשון, „די האַרץ־שפּראַך" (lingua dal cuore) און דעם פרעמדען לשון, וועלכען זיי מוזען געברויכען אין די געשעפטליכע עסקים מיט די פרעמדע, רופען זיי אָן „די ברויט־שפּראַך" (lingua dal pane). „יעדע געגענד," זאָגט געטהע, „ליעבט איהר דיאַלעקט, ווייל ער איז דאָס עלעמענט, פון וועלכען די נשמה שעפּט איהר לעבען ("Wahrheit und Dichtung.").

---

*) C. Abel. Die Sprache als Ausdruck nationaler Deinkweise, Berlin, 1869, S. 26.

**) דאָרטען גופא, ז. 8.

שטודירען פרעמדע שפּראַכען איז דאָס בעסטע מיטעל צו ענטוויקלען אין זיך דאָס געפיהל פון צווישען־פעלקערליכער ברידערליכקייט. „דער, וואָס שטודירט און דרינגט אריין טיעף אין זייערע לשונות, ווערט ווייכער און פאָרזיכטיגער אין זיין אבשעצען פון פרעמדע נאַציאָנען... ער וועט ניט געפינען פאר ניט נאַטירליך, וואָס אפילו די ווילדעסטע פון זיי שעצען אזוי הויך זייער נאַציאָנאַליטעט און זייער לשון, וואָס איז פאר זיי די גאַנצע וועלט פון זייערע געדאנקען, זייער אייגענער „איך"; ער וועט זיך אָבהיטען דורך שפּאָט אָדער אומ׳כבוד אריינגיסען ביטערקייט אין יענעם קאַמפּף, וועלכען אייניגע פון זיי מוזען פיהרען אנקעגען שכנים, וואָס האָבען זיי ווייט אריבער־געיאָגט גייסטיג אָדער עקאָנאָמיש." *)

לאָמיר אויך דערמאָנען, אז די גרופּירונג פון די איינצעלנע מיטגלידער פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער אסאָציאַציאָן" איז געווען ניט נאָך לענדער אָדער טעריטאָריעס, נאָר נאָך שפּראַכען, און אז כמעט אומעטום פאַלט די נאַציאָנאַלע פראגע צונויף מיט דער שפּראַכען־פּראגע. ווי די בלוט־צירקולאַציאָן אין אַן אָרגאַניזם, אזוי איז אויך די שפּראַך דער פאַנאַנדערטראָגער פון די עלעמענטען פון דער גייסטיגער שפּייז, וואָס מוזען צוגעפיהרט ווערען צו יעדען מיטגליעד פון א געגעבענעם פאָלק. דעריבער הייסט פערפאָלגען א וועלכע עס איז שפּראַך פון א פאָלק — ארויסטראָגען א חייב מיתה פאר דעם פאָלק גופא.

די ליעבע צו דער אייגענער שפּראַך, צו דער „הארץ־שפּראַך", איז א געפיהל, וואָס געהט ניט להיפך צום אלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס; אויסארבייטען און אויספיינערען זיין אייגענע פאָלקס־שפּראַך איז איינע פון די בערעכטיגסטע און פּראָגרעסיווסטע שטרעבונגען אין דעם לעבען פון א פאָלק. „בעוואהרע אין דער ברוסט, ווי איינען האָרט, דאס ליעבע, שענע, דייטשע וואָרט", זינגט אויך יענער פּאָעט, וואָס האָט גאָר ניט געוואָלט וויסען פון

---

*) דאָרטען גופא, 28-29.

דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ אין דעם פּאָליטישען לעבען — הײנריך הײנע. עס פערשטעהט זיך, אז זײנע װערטער זענען אמת ניט נאָר בנוגע צו דער דײטשער שפּראַך, נאָר אויך בנוגע צו יעדען אַנדערען לשון. װײל „שענער פון אַלע בילדער איז מיר מײן מאַמעס פּנים, ליעבער פון אַלע לשונות איז מיר מײן מוטער־שפּראַך".

פון די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען איז אויך שװער אָבצושײדען די ליטעראַטור פון אַ פאָלק, און ניט אומזיסט רופט מען זי נאַציאָנאַל־ליטעראַטור. אַלע איצטיגע אײראָפּעאישע נאַציאָנאַל־ליטעראַטורען האָבען זיך אַרױסגעריסען פון דער מיטעל־אַלטערליכער „אַלגעמײן־מענשליכער" ליטעראַטור אין לאַטײן, און דורך דעם גופא האָבען זײ אַװעקגעלעגט אַ פונדאַמענט פאַר זײער אײגענעם גײסטיגען פאַנאַנדערבליהען; זײ האָבען דערמיט געהאָלפען, אַז די מיטעלאַלטערליכע װעלט זאָל פאַנאַנדערפאַלען אין אײנצעלנע נאַציאָנאַליטעטען, װאָס האָבען בעשאַפען זעלבסט־שטענדיגע קולטור־אַטמאָספערען, װעלכע האָבען געװירקט אײנע אויף די אַנדערע און האָבען אײנע די אַנדערע אָנגעטריבען אויף דעם װעג פון איצטיגער װעלטליכער ציװיליזאַציע.

עס איז געװען אַ צײט, װען מען האָט געקוקט אויף די ליטעראַטור אין דער שפּראַך װאָס דאָס פאָלק האָט גערעדט, פון אויבען אַראָב. זי איז געװען כמעט מעהר ניט, װי אַ לוסטיגער אונשולדיגער צײט־פערטרײב. אַפילו דאַנטע האָט אין דער ערשטער צײט לאַנג געשלאָגען זיך מיט דער דעה, אין װעלכען לשון צו שרײבען זײן „געטליכע קאָמעדיע": אין דעם נאַציאָנאַלען איטאַליענישׁ אָדער אין דעם „אַלגעמײן־מענשליכען" לאַטײן.

די איטאַליענישע שפּראַך איז נאָך יעמאָלט געװען אומגעלומ־פּערט און ניט אָבגעשליפען, און דאַנטע'ן האָט זיך גרײליך געװאָלט איבערגעבען זיך דעם קינסטלעריש־שענעם לאַטײנישען העקזאַ־מעטער. אבער דאַנטע האָט גענומען אויף זיך מאַכען דעם „װאול־גאַרען פאָלקס־זשאַרגאָן" פאַר דעם אויסדרוק פון זײנע פּאָעטישע בילדער און געדאַנקען, און דאָס איז געװען אײנער פון די װיכ־טיגסטע פאַקטאָרען, װאָס האָבען בעשאַפען דאָס איטאַליענישע

פ אָ ל ק, די איטאַליעניִשע נ א צ י אָ ן. דיזעלביגע זאַך איז אויך געווען מיט אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע פעלקער. זייער קולטורעלע ווידעראויפלעבונג הויבט זיך אָן מיט דעם מאָמענט, אין וועלכען עס זענען געבאָרען געוואָרען זייערע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורען, ד. ה., מיט דעם מאָמענט, ווען די ליטעראַטורען האָבען זיך בעפרייט פון דעם קירכליכען מיטעלאַלטערליכען קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס האָט געוואָלט, אַז אַלע יונים זאָלען האָבען איין פּנים.

צום אומגליק, זענען נאָך די איניגע פעלקער אין אייראָפּאַ, צוריקגעבליבענע אין זייער נאַציאָנאַלער ענטוויקלונג, וואָס האָבען נאָך ניט דערלעבט זייער נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט. זייער פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ און זייער מעהר קולטורעלע בורזשואזיע שטעהן נאָך אונטער דער אַסימילירענדער ווירקונג פון אַ העכערער קולטור, אין וועלכער זיי לעבען, און זיי קוקען מיט בזיון אַראָב אויף דעם „פּאָלקס־זשאַרגאָן“, אויף דעם „וואולגאַרען“, „עם־הארצ׳ישען“ דיאַלעקט. און אפילו יענע פון זיי, וואָס וואָלטען מיט׳ן גאַנצען הארצען געוואָלט, זייער פּאָלק זאָל ווידער אויפגעלעבט ווערען צו אַ זעלבסטשטענדיגער קולטור, זענען זיך אָפּט מיאַש אין דער מעגליכקייט אויפצוהויבען די גערעדטע שפּראַך פון פּאָלק ביז צו דער מדרגה פון אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך, — אַ ליטעראַרישער און וויסענשאַפטליכער.

מיר דוכט, אַז אָט דער יאוש האָט ניט קיין ערנסטען גרונד. עס קען אויסווייזען פּאַראַדאָקסאַל, פון דעסטוועגען קען מען גאַנץ בעשטימט זאָגען, אַז עס איז ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ גערעדטע פּאָלקס־שפּראַך, וועלכע מען זאָל ניט קענען אויפהויבען צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַרישער שפּראַך, וואָס איז ביכולת איבערצוגעבען אַלע שאַטירונגען און אויסבויגונגען פון דעם איצטיגען וויסענשאַפטליכען, פילאָזאָפישען און קינסטלערישען געדאַנק. און אָט פאַר וואָס מיר מיינען אַזוי.

אויף דעמזעלביגען שטייגער, ווי דער גאַנצער אינוועניגסטער אינהאַלט פון אונזער גייסטיגען לעבען, איז אויסגעוואַקסען פון

פשוט׳ע פרימיטיווע שפּירונגען, אַקוראַט אַזוי זענען אויך די העכסטע וואָרט־בילדונגען, וואָס דריקען אויס די ווייטעסטע אַבסטראַקטע בעגריפען און די צונויפגעוויקעלטסטע בילדער, פאַנ־אַנדערגעוויקעלט געוואָרען פון עטליכע וועניגע פריהעריגע וואָרצלען, וואָס האָבען אויסגעדריקט פרימיטיווע פאָרשטעלונגען. אַזעלכע וואָרצלען געפינען זיך אין י ע ד ע ן לשון. דערזעלביגער בעשאַפונגס־כח, וואָס ליגט אין יעדען לשון און וואָס האָט געמאַכט, אַז פון דעם פרימיטיווען וואָרצעל „מאַר" אָדער „מאַל" וועמעס פשט איז געוועזן — „עפּעס פאַנאַנדעררייבען מיט די פינגער", זאָלען אַרויסוואַקסען אַזעלכע ווייט איינער פון דעם אַנדערן ליגענדע ווערטער, ווי „מעער" און „מיהל", וועט ניט אַראָבלאָזען זיינע פליגלען פאַר דער אויפגאַבע אויסצושמידען אַ בייגיג געצייג פון געדאַנקען פון אַ לשון, אין וועלכען מען קען איבערגעבען דעם גאַנצען תנ"ך. און אונזער תנ"ך איז דאָך איבערגעזעצט געוואָרען אין אַלע קולטורעלע און ניט קולטורעלע שפּראַכען פון דער וועלט!

עס פערשטעהט זיך, אַז כדי פאַרטיג צו ווערען מיט אזא אויפ־גאַבע, כדי צו צווינגען דעם גערעדטען לשון, ער זאָל פאַנאַנדער־וויקלען אַלע מעגליכקייטען פון אַ העכערן לעבען, וואָס ליגען אין איהם, דאַרף מען איהם גוט קענען, דאַרף מען ווערען דורכגעדרונגען פון זיין אינערען גייסט; מען דאַרף גוט אַריינטראַכטען זיך אין זיין בוי, אַנאַליזירען די אופנים פון זיינע רייד און כמעט אונ־בעוואוסט נאָכמאַכען זיי. ערשט אויף אַזאַ אופן קען מען אויס־שפּירען יענע מיטלען און וועגען, וועלכע דאָס פאָלק אַליין ווענדט אָן, ווען ער בעשאַפט אַבסטראַקטע בעגריפען און פערוויקעלטע בילדער פון יענע אָרעמע ווערטער־צייכענס, וואָס ער האָט אויף אויסצודריקען זיינע לפי ערך אָרעמע פשוט׳ע געדאַנקען. נאָר דער, וואָס קען פאַרטיג ווערען מיט אַזאַ אויפגאַבע, קען האָפען דורכ־צופיהרען די אויפהויבונג פון דער פאָלקס־שפּראַך. לכל הפחות, מוז זיך דאָס איינגעבען יענע זשעניען פון דער שפּראַך, וואָס האָבען במתנה פון דער נאַטור אַ פיין געפיהל, וואָס קענען מיט דעם הייסען אָטעם פון זייער פּאָעטישען בעשאַפען פאַנאַנדערשמעלצען

דעם האַרטען און ברעקעלדיגען מאַטעריאַל פון דער פאָלקס־שפּראַך און אַריינגיסען איהם אין העבערע פאָרמען, וואָס פּאַסען צו דעם בוי פון דעם פאָלקס־שכל, פון דעם פאָלקס־לשון. אַלץ, וואָס מיר ווייסען וועגען דעם ענין אויס דער געשיכטע פון די איצטיגע ליטעראַטורען, זאָגט אונז, אַז עס איז געווען די אַרבייט פון צוויי־דריי דורות, כּדי אַרויסצושלעפּען די פאָלקס־שפּראַך פון איהר הינ־טער־פּלעט, אָדער אפילו פון איהר לאַנגזאַמען אָבשטאַרבען, און אַריינצובלאָזען אין איהר אַ נשמה פון זעלבסט־וואַקסענדען לעבען, וואָס בעוואָרענט זי מיט אַ מעגליכקייט פון ווייטערען וואַקסען און שטענדיגען בעסער ווערען.

אויב דער בוי פון דעם פאָלקס־שכל און פון דעם פאָלקס־לשון לעגט אַרויף זיין נאַציאָנאַלען שטעמפּעל אויף אַלץ, וואָס בעווייזט זיך אין דער ליטעראַטור, איז די ראָלע אָט פון דעם נאַציאָנאַלען שטעמפּעל בעזונדערס וויכטיג אויף דעם פעלד פון דער בעלעטרי־סטיק. „שענקייט און חשיבות הענגט דאָ אָב פון דער שפּראַך־פאָרם, וואָס קען ניט אַריבערגעפּלאַנצט און איבערגעזעצט ווערען“, בעמערקט זעהר ריכטיג דער אינטערנאַציאָנאַליסטיש דענקענדער געאָרג בראַנדעס. *)

אַרויסגעהענדיג פון דעם געדאַנקען, אַז דאָס געפיהל פון וועלט־בירגערטהום איז ניט נאַטירליך, אויב אויף זיין גרונד געפינט זיך ניט קיין נאַציאָנאַל־געפיהל, אַז „פריהער פון אַלץ דענער, — דאָס פערשטעהט זיך ממילא“, **) קומט בראַנדעס צום פּועל־יוצא, אַז „אויף אונז“ (ד. ה. אויף די דענער, נאָר דאָס איז אויך אמת בנוגע צו אַלע אַנדערע פעלקער) „ליגט דער נאַציאָנאַלער חוב איינצושטעלען זיך פאַר אונזער לשון און טאָן אַלץ, וואָס ליגט נאָר אין אונזערע כּחות, כּדי דער לשון זאָל ניט פערלירען קיין איין שפּאַן פון זיין טעריטאָריע.“ ***)

---

*) Georg Brandes, Ueber das Nationalgefuehl, S. 18.

**) דאָרטען גופא, ז. 29.

***) דאָרטען גופא, ז. 31.

די צרה איז, וואָס די סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון די איצטיגע קולטורעל־אונטערדריקטע פעלקער זיינען דאָס רוב פּייעריגע חסידים פון דעם מאַטעריאַליסטישען בליק אויף די אויפגאַבען פון דעם לעבען, און זיי מיינען, אַז דער גאַנצער שכל פון זייער אַרבייט ליגט אין דער פערענטפערונג פון עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּראָ־בלעמען. ממילא דוכט זיך זיי העכסט משונה׳דיג און אָפט העכסט רעאַקציאָנער, ווען זיי הערען דעם געדאַנק, אַז מען מוז אין איין שורה מיט דער פּאָליטישער און פּראָפעסיאָנעלער בעוועגונג, אָנ־הויבען אַ נאַציאָנאַלע בעוועגונג צוליעב דער ווידערבעלעבונג פון דער פאָלקס־שפּראַך, און אַז מען דאַרף אָט די נייע פאָהן געבען אין די הענד פון די אַרבייטערמאַסען, צוליעב וועמעס אינטערעסען די סאָציאַליסטען פיהרען זייער קאַמפּף. דער נאַציאָנאַלער חוב, וועגען וועלכען בראַנדעס רעדט, מוז אויסווייזען אין די אויגען פון פּראָגרעסיווע פּאַרטייען פון די קולטורעל־אונטערדריקטע פעלקער, וועלכע געפינען זיך אונטער דער ווירקונג פון אַ פרעמדער הער־שענדער קולטור און אַ פרעמדער הערשענדער שפּראַך, — דער נאַציאָנאַלער חוב, זאָג איך, מוז זיי אויסדוכטען, ווי עפּעס אַזוינס, וואָס געהט להיפך צו די הייליגע פּרינציפּען פון צווישען־פעלקער־ליכער ברידערליכקייט. אין דער אמת׳ן אָבער איז יענער נאַציאָ־נאַלער חוב מעהר ניט, ווי אַ נויטיגער פּועל יוצא פון דעם אינטער־נאַציאָנאַלען פּרינציפּ גופא, וועלכער פאָדערט, ווי מיר האָבען געזעהן, אַז יעדע, אפילו די קלענסטע נאַציאָן זאָל קענען האָבען „איינפלוס און חשיבות“. וועניגסטענס קען מען זאָגען, אַז דער קאַמפּף, וואָס אַזוינע סאָציאַליסטען פיהרען אַנקעגען די בעוועגונגען צוליעב דער ליטעראַרישער אויפלעבונג פון דער פאָלקס־שפּראַך, איז גאַנץ געוויס אַ חטא און אַ זינד אַנקעגען דעם גייסט און אַנקעגען אַלע אָפיציעלע דערקלערונגען פון דעם איצטיגען אינטער־נאַציאָנאַליזם. צום גליק דויערט אַזאַ קאַמפּף ניט לאַנג. די אַרביי־טער־מאַסען, צוליעב וועלכע ער ווערט געפיהרט און וואָס אונטער־שטיצען איהם אַ קורצע צייט, פערלאָזען באַלד זייערע קאָסמאָפּאָ־ליטישע פיהרער און געהען נאָך נאָך יענע סאָציאַליסטישע פּאַר־

טייען, וואָס האָבען צווישען אַלע אַנדערע פאָרדערונגען אָנגעשריבען אויף זייער פאַהן אויך די בעפרידיגונג פון נאַציאָנאַלע אינטערעסען.

דער קאַמפף אַנקעגען די איצטיגע פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע בעוועגונגען פון די ארבייטער מאַסען און דאָס שטענדיגע שטאַרקע אונטערשטרייכען פון דעם עקאָנאָמישען און סאָציאַלען עלעמענט אין דער סאָציאַליסטישער ארבייט, שטאַמען ביידע, אויב איך האָב ניט קיין טעות, פון יענער פּסיכאָלאָגיע פון דעם „פריץ דעם בעל־תשובה", וואָס קוקט כמעט מיט שנאה אויף אַלע ארויסווייזונגען פון דער העכערער קולטור, ווייל ער ווייסט, אז די ארבייטער־מאַסען קענען נאָך לעת עתה ניט האָבען קיין הנאה פון זיי, אז דאָס פאָלק דארף נאָך ערשט קעמפּפען פאר א ביסען ברויט און לכל הפחות פאר א שטראָהל פרייהייט, כדי עס זאָל ערשט האָבען די מעגליכקייט צו פיהרען א קאַמפף צוליעב א בעסערער צוקונפט.

א דאַנק דער נאַטירליכער פּסיכאָלאָגיע פון דעם „פריץ דעם בעל־תשובה", ווערט בעשאַפען א ווידערנאַטירליכער בליק אויף דער נשמה פון די ארבייטענדע מאַסען, נאָך וועלכען עס קומט אויס, אז אָט די נשמה איז בלומרשט פערנומען מעהר ניט, ווי מיט עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און, אין דעם בעסטען פאַל, פּאָליטישע בעדערפעניסען. אין דער אמת'ן איז די מעשה גאָר ניט אזוי. א מענש איז אומעטום א מענש: סיי אין דער הויך, סיי אין דער נידער. די ארבייטער־מאַסען זענען אויסגעקנאָטען פון דעמזעלביגען טייג, ווי די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ; און דער, וואָס איז גוט בעקאַנט מיט דעם לעבען פון זייער נשמה, קען עדות זאָגען, אז גיכער קען מען זיך בעקלאָגען, וואָס אין איהר הערשען די אידעאָלאָגישע מאָטיווען איבער די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע, איידער מיינען, אז די בעשטימטע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לאַגע פון די ארבייטער־מאַסען רויבט פון זיי אוועק די מעגליכקייט צו האָבען אידעאָלאָגישע מאָטיווען. ווי די מעשה איז, נאָר דאָס וועט קיינער ניט לייקענען, אז ווי נאָר די מאַסען הויבען אָן צו ענטוויקלען זייער שכל און צו לעבען מיט ברייטערע געזעלשאַפטליכע בעדערפעניסען,

וואַכט אין זיי אויף די בעדערפענים צו העכערע עסטעטישע, וויסענ־שאַפטליכע און פילאָזאָפישע תענוגים, די בעדערפענים צו לעבען אין די פרייע פעלדער פון דער קולטור, ד. ה. אַקוראַט אין יענע פעלדער, וואו די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען שפּיעלען די גרעסטע ראָליע. קוים הויבען זיי אבער אָן צו לעבען אין אַזעלכע פעלדער, הויבען זיי אַליין אָן צו ווערען נאַציאָנאַל, אָדער ריכטיגער געזאָגט, זיי הויבען אָן איינצוזעהן, אַז זיי זענען נאַציאָנאַל און אַז עס איז גאָר ניט קיין חטא און ניט קיין זינד אַנקעגען דעם היילינען גייסט צו זיין דאָס, וואָס מען איז, נאָר אדרבה! אַז זיין דאָס, וואָס מען איז — איז דער ערשטער חוב פון יעדען פאָלק, וואָס האָט דרך־ארץ פאַר זיך גופא.

אַ דאַנק דער שפּראַך, ווערט אויך די וויסענשאַפט, ווען אפילו איהר אינהאַלט איז ריין אַלגעמיין־מענשליך, אַ טייל פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען. עס פערשטעהט זיך, אַז אויך די קינדער־ערציהונג קען ניט אָבגעריסען ווערען פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. די וויכטיגסטע אווטאָריטעטען אין דער פּעדאַגאָגיק, ווי, צ. ב., דיסטערוועג, מישעל־ברעאַל און טאָלסטאָי זאָגען אַלע אין איין קול, אַז דאָס שטודיום און דער למוד פון דעם פאָלקס־לשון אָדער אפילו פון דעם אָרטיגען דיאַלעקט ווירקט זעהר גוט אויף די ענטוויקלונג פון די גייסטיגע השלמות. זיי האַלטען פאַר איינעם פון די וויכטיגסטע פּעדאַגאָגישע אידעאַלען, אַז אַלע עניני־למוד זאָל מען לערנען אויף דעם לשון, וואָס ווערט גערעדט פון דעם פאָלק. דערמאָנען מיר זיך נאָך, אַז דער למוד מוז אָנהויבען מיט אַזעלכע אידעען און בעגריפען, צו וועלכע דאָס קינד איז צוגעוועהנט, ד. ה. מיט די עלעמענטען פון יענעם נאַציאָנאַל־געפאַרבטען לעבען, צווישען וועלכע דאָס קינד לעבט, און האָט מען ווייטער אין זינען, אַז די געשיכטע פון דעם אייגענעם פאָלק און דער שטודיום פון דער אייגענער ליטעראַטור זענען וויכטיג ניט נאָר פאַר דער גייסטיגער ערציהונג, נאָר אויך פאַר דער זיטליכער, עסטעטישער און בירגערליכער ענטוויקלונג פון די תלמידים, קען מען גאַנץ גרינג פערשטעהן, ווי גרויס און וויכטיג עס איז די ראָליע

פון דעם נאַציאָנאַלען מאָמענט אין דער פּעדאַגאָגיק, אין דעם אפשר וויכטיגסטען פעלד פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור.

מיר וועלען זיך ניט אָבשטעלען לאַנג אויף די קולטור־פעלדער, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט קונסט, פילאָזאָפיע און רעליגיאָן, כדי אויסצוגעפינען יענע ראָליע, וואָס אין זיי שפּיעלט דער נאַציאָנאַלער עלעמענט, ד. ה. די פאָרמען פון נאַציאָנאַלען בעשאַפען. קיינער האָט ערנסט ניט געלייקענט, אַז די נאַציאָנאַלע אָריגינאַליטעט, וואָס ווייזט זיך ארויס כמעט ביי אַלע פעלקער אין קונסט, פילאָזאָפיע און רעליגיאָן, שטאַמט פון דעם נאַציאָנאַלען זשעני. דערצו מוז מען נאָך ניט פערגעסען, אַז אין דער פילאָזאָפיע, רעליגיאָן און דער שעהנער ליטעראַטור, האָט די נאַציאָנאַלע שפּראַך אויך אַ גרויסען חלק אין דער מאַכט, וואָס בעשאַפט זייער אָריגינאַליטעט. אַ דאַנק אָט די צוויי פאַקטאָרען — דער אָריגינאַליטעט און דער שפּראַך, זענען יענע פעלדער פון דער קולטור די וויכטיגסטע פערטרעטער פון דעם פרייהייטס־רייך, וואו דער אַלגעמיין מענשליכער שכל קען ניט דיקטירען אויף אַלע פראַגען קיין גלייכע ענטפערס, וואָס זאָלען זיין אַ חוב פאַר אַלע מענשען. אין זיי, אין די העכערע פעלדער פון דער קולטור, טרעטען בולט ארויס אין איינעם מיט די אַלגעמיין־מענשליכע און אינדיווידועלע טאַלאַנטען די פּסיכאָ־פיזישע אייגענטימליכקייטען פון דעם געגעבענעם פאָלק, זיינע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־כחות.

ס'איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס די ליעבע צו די פּראָדוקטען פון יענע קולטור־פעלדער הויבט אויף אין דער הויך דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל. דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל, פון זיין זייט, טרייבט אונז אָן צו נאַציאָנאַלע ארבייט, צו אַ נאַציאָנאַלען בעשאַפען, וואָס איז אין דער זעלביגער צייט אַ בעשאַפען פון אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, אַ רייכער־מאַכען פון דער מענשליכער קולטור מיט אָריגינעלע פּראָדוקטען פון דעם נאַציאָנאַלען זשעני.

„אַ פאָלק בלייבט אין זיין פּאָזיציע און קען געהן פאָראויס, ווען ער איז ביכולת פאַנאַנדערצואוויקלען אַ קולטור, און מיר האָבען קיין אַנדערע מיטלען ניט ארויסצואווייזען אונזער „איך", סיידען

איין איינציג: בעשאַפען זאַכען, וואָס זענען עפּעס ווערט. ווי ווענינ מיר זאָלען ניט זיין, אבער עס איז ניטאָ קיין זאַך אין דער וועלט, וואָס זאָל אונז פערוועהרען בעסער צו שרייבען, אָדער צו מאָלען, אָדער צו מוזיצירען, איידער אלע אַנדערע פעלקער, אָדער אויסגעפּי־נען פאר זיי קולטור־וועגען, וועלכע זיי האָבען ניט געפונען... מיר דאַרפען טאָן אלץ, וואָס עס ליגט אין אונזערע כחות, אז די קולטור־קוואַלען פון אונזער לאַנד זאָלען אָנהויבען שלאָגען ווי פאָנטאַנען."*)

אזוי שרייבט דער בעריהמטער פערטרעטער פון א „מינדער־ווערטיגער" נאַציאָן, געאָרג בראַנדעס.

בנוגע צו דער עטיק, ד. ה. דעם שטרעבען דורכצופיהרען אין די געדאַנקען, געפיהלען, און מעשים דאָס אידעאַל פון מענש־ליכע חשיבות, מוז מען זאָגען, אז די וויכטיגקייט פון דעם נאַציאָ־נאַלען עלעמענט ליגט דאָ אין דעם, וואָס דער איצטיגער אידעאַל פון מענשליכע חשיבות בעשטעהט אין דער ליעבע צו „אמת, יושר און שענקייט", און אין דער איבערגעבענהייט צו זייערע אינטערע־סען. אבער די העכסטע פּראָדוקטען פון אמת, שענקייט און יושר וואַקסען אריבער די גרעניצען פון דעם אַלגעמיין מענשליכען שכל; זיי פערלאָזען דאָס פעלד פון נויטווענדיגקייט, וואו דער געפונענער אמת איז א חוב פאַר אַלעמען, און עפענען א ווייטען וועג פאר פרייע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־ארבייט. דערפון איז געדרונגען, אז אָבגעבען זיך צו די העכסטע פאָרמען פון אמת, יושר און שענ־קייט הייסט אין דערזועלבער צייט אָבגעבען זיך צו יענע אַלגעמיין־מענשליכע פרינציפען, וואָס קענען זיך ניט אַנדערש ארויסווייזען, סיידען אין וואָס'ערע עס איז נאַציאָנאַלע פאָרמען.

III.

אַלע „העכערע" צווייגען פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור און אויך יענע „נידריגערע" צווייגען, וואָס זענען ענג פער־בונדען מיט דעם מענשליכען לשון, ד. ה. מיט א נאַציאָנאַלער שפּראַך, זענען אזוי צונויפגעוואַקסען מיט די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־

*) דאָרטען גופא, ז. 30־31.

פאָרמען, אז דער פּראָגרעס אין אזעלכע צווייגען איז צו דערזעלבי־גער צייט דער פּראָגרעס פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור. פון דער אַנדער זייט, קען מען זיך ניט פאָרשטעלען די אַלגעמיין־מענשליכע קולטור זאָל זיך ענטוויקלען ערגעץ וואו דרויסען, לחוץ פון די נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען, מיט וועלכע איין פאָלק שיידט זיך אָב פון דעם אַנדערען.

אָבער ניט נאָר די „פרייע" פעלדער זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ נאַציאָנאַלען עלעמענט, אפילו די פעלדער פון נויטווענדיגקייט מוזען אויך צאָהלען אַ געוויסען קנס דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ.

לאָזען מיר די ט ע כ נ י ק אָן אַ זייט, ווייל אין איהר ענט־וויקלונג שפּיעלען די נאַציאָנאַלע פאָרמען אפשר גאָר אַ קליינע ראָליע, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער ליעבע און פעהיגקייט צו טעכנישע המצאות, בלייבען נאָך ביי אונז די עקאָנאָמיק, די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, די יוריספּרודענץ און די פּאָליטיק, וועגען וועלכע מיר מוזען נאָך זאָגען אַ פּאָר ווערטער, כדי אָנצואווייזען אויף די ראָליע פון דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט, וואָס ווייזט זיך אַרויס אין זייער ענטוויקלונג.

קודם כל דאַרף מען איין מאָל פאַר אַלע מאָל ניט פערגעסען, אז דער א י נ ה א ל ט פון די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע, יורידישע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס דאַרף בעטראַכט ווערען מעהר ניט ווי פון דעם שטאַנדפּונקט, צי ער טויג אָדער ער טויג ניט אויף צו בעפרידיגען יענע אַלגעמיין־מענשליכע בעדערפעניסען, וואָס האָבען אַרויסגערופען אין לעבען אָט די צווייגען פון דער קולטור. זיי געהערען גאַנץ בעשטימט צו דעם רייך פון נויטווענדיגקייט. מיט קיין נאַציאָנאַלען זשעניע, מיט קיין אָריגינאַליטעט און מיט קיין פאָלקס־גייסט קען מען ניט פערענטפערן דאָס זיין אויף דער וועלט פון אזא סדר אין לעבען, וואָס דריקט ווי אַ באַרג אויף די פרייהייט און דאָס גליק פון די איינצעלנע מענשען; און מיט קיינע טענות ותביעות אַנקעגען די „טריפ'ענע המצאות" פון די אויסלענדער קען מען ניט פערווערען אַ פאָלק איבערצונעמען פון דער פרעמד יענע אינסטיטוציעס אָדער יענע אידעאַלען פון געזעלשאַפטליכען לעבען,

וואָס קאַווירען יעדען יחיד די פולע און גאַנצע ענטוויקלונג פון אַלע זיינע קרעפטען און השלמות. אבער אויך דאָ קען די ראָליע פון דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט בעשטעהן אין צוויי זאַכען: ערשטענס, איז ער ביכולת אַרויסצוברענגען נייע, נאָך ערגעץ ניט געזעהענע פאָרמען פון געזעלשאַפטליכען לעבען, וואָס פּאַסען בעסער פאַר אַלע מענשען, איידער אַלע פאָרמען, וואָס זענען געווען ביז אהער; צווייטענס, קען ער אַריינטראָגען און טראָגט ווירקליך אַריין קלענערע פערבעסערונגען, פערשיעדענע שאַטירונגען צווייט־גראַדיגע שנוים אין יענע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטליכע אידעאַלען, וואָס ווערען אויסגעאַרבייט פון אַנדערע פעלקער; ער טוט עס, כדי בעסער צוצופּאַסען די אינסטיטוציעס און אידעאלען צו די תנאים פון זיין אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען און צו דעם פּסיכאָ־פיזישען בוי פון זיינע געדאנקען און געפיהלען.

צום אומגליק קען מען אָט אָ די אַלע שאַטירונגען און די ראָליע פון די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען, וואָס ברענגען זיי אַרויס, עד היום ניט אויספאָרשען אויף אַ וועלכען־עס־איז פּינקט־ליכען וויסענשאַפטליכען אופן. עס איז זעהר שווער פאַנאַנדער־צוקלייבען זיך אין די צווייט־גראַדיגע עלעמענטען פון נאַציאָנאַלען לעבען און אַרויסצוגעפינען אויף קלאָר, וואָס שטאַמט פון די נאַציאָ־נאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען און וואָס איז מעהר ניט, ווי א פועל יוצא פון אַ געוויסען צוזאַמענלויף פון היסטאָרישע פּאַסירונגען. דערפאַר קען מען אָבער אָהן אַ שום גרייז אָנווייזען אויף איין פּונקט, וואו די ווירקונג פון דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט אויף די ענטוויקלונג פון די נויטיגע פעלדער פון דער קולטור טרעט אַרויס אזוי בולט, אַז קיין מענש קען עס ניט אָבלייקענען. מיר רעדען דאָ וועגען די נויטיגקייט צוצופּאַסען זיך צו די בעדינגונגען פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען און צו דעם גאַנצען פּסיכאָ־פיזישען בוי פון דער פאָלקס־נשמה בעת דער פּראָפּאַגאַנדאַ און אַגיטאַציאָן, צוליעב די אָדער יענע געזעלשאַפטליכע אידעאַלען, וועלכע מיר ווילען אַריינפיהרען אין דעם לעבען פון דעם פאָלק.

שוין דאָס אַליין, וואָס מיר מוזען אָנקומען צו דער הילף פון

דער פאָלקס־שפּראַך, ווען מיר ווילען פערשפּרייטען צווישען דעם פאָלק סאָציאַליסטישע אידעאַלען און פרייהייטס־אידעען, פיהרט פריהער אָדער שפּעטער דערצו, וואָס מען זאָגט זיך אב פון דעם איינזייטיגען קאָסמאָפּאָליטיזם, אין וועלכען עס גלויבען אין דער ערשטער צייט די סאָציאַליסטען, איבערהויפּט די סאָציאַליסטען פון די קליינע קולטורעל־אונטערדריקטע פעלקער. די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע גופא, וואָס די פּאַרטייען פיהרען צווישען די פאָלקס־מאַסען, איז אַ קולטורעלע אַרבייט פון זעהר אַ הויכע מדרגה, און די דורכפיהרונג אין לעבען פון אַזאַ אַרבייט מוז בלי שום ספק ארויסרופען דעם שפּיעל פון די נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען. די סאָציאַליסטישע אַרבייט קען זיך ניט בעגעהן אָהן אַ געדרוקט וואָרט, אָהן מעהר אָדער ווענינער טאַלענטירטע פּובליציסטען, אָהן שענע ליטעראַטור און פּאָעזיע, אָהן פּאָפּולאַריזירונג פון די אָדער יענע פּראָגרעסיווע וויסענשאַפטליכע און פילאָזאָפישע פּרינציפּען. די נייע פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע פאָרדערט פּאָעטען אָדער, לכל הפחות, טאַלענטירטע איבערזעצער; די פּרעסע בכלל — אַ היבשע מחנה פון פעהיגע שרייבער, וואָס זויגען ביסלעכווייז איין אין זייער נשמה דעם פּאָעטישען צויבער פון דער אייגענער שפּראַך, וואָס שפּירען אַ בעזונדערע עסטעטישע הנאה פון דעם פּראָצעס גופא, מיט וועלכען זיי בעשאַפען און אַרבייטען אויס אַ נייעם ליטעראַרישען לשון. אַ גראָטענער וואָרטשפּיעל, וואָס גיט צו דער כמעט אין גאַנצען אבגעריבענער מטבע פון די טאָג־טעגליכע סאָציאַליסטישע געדאַנקען אַ נייע אָריגינעלע שאַטירונג, געשעפּט פון דעם ריין־פאָלקליכען אוצר פון נאַציאָנאַלע בילדער און געדאַנקען, אַ טאַלענטירטעס נאָכמאַכען די פאָלקס־רייד און די פאָלקס־פּאָעזיע,— דאָס אַלץ רופט אַרויס כמעט אונבעוואוסט אַ ליעבע צום פאָלק און צו דעם פאָלק׳ס נשמה. ביסלעכווייז, גיסען זיך צונויף די אונבעוואוסטע ליעבע צו דעם פאָלק און יענע איינצעלנע מאָמענטען פון עסטעטישער פרייד, וואָס ווערען אַרויסגערופען דורך די נאַציאָנאַלע זייטען פון דעם פאָלקס־לעבען, אין אַ גאַנץ בעשטימטען, שטאַרקען נאַציאָנאַלען געפיהל. און וואָס ווייטער

עס וואַקסט זיך פּאַנאַנדער און וואָס טיפער עס דרינגט אַריין אין פאָלק די אַרבייט צוליעב פערשפּרייטען סאָציאַליסטישע אידעען, וואָס מעהר ליטעראַרישע קרעפטען און רעדנער זי ציהט צו צו זיך, אַלץ רייכער ווערט די פאָלקס־שפּראַך, סיי אין איהרע אויסדרוקס־פאָרמען, סיי אין דעם אוצר פון איהרע ווערטער. עס קומט אַ צייט, ווען אפילו די סקעפּטיקער מוזען מודה זיין, אַז כמעט אויף זייערע אויגען איז אויסגעוואַקסען אַ נייער ליטעראַרישער לשון און עס איז בעשאַפען געוואָרען אַ נייע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, וואָס איז ווערט, מען זאָל זי ליעבען, און פערדינט, מען זאָל איהר ווינשען, זי זאָל ווייטער זיך ענטוויקלען און וואַקסען.

אַ חוץ דעם פאָדערט די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ, אַז די אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך פריהער אָבגעריסען פון פאָלק און איז צוגעשטאַנען צו אַ העכערער קולטור, זאָל זיך צוריק אומקעהרען „אהיים“. דער אַבסטראַקטער כאַראַקטער פון די סאָציאַליסטישע אידעען, מיט וועלכע די אינטעליגענץ איז געוועזען אָנגעפילט, בעת זי איז געוועזען אין דער פרעמד, אָדער יענע פרעמדע נאַציאָנאַלע שאַטירונג, וואָס זי האָט אריבערגענומען פון אַ פרעמדער נאַציאָנאַלער אַטמאָספערע, טרעטען ביסלעכווייז אָב זייער אָרט אַ נייעם, לעבע־דיגען, פאַרביגען אינהאַלט, פול מיט פלייש און בלוט, אַריינגעטראָ־גען אין די סאָציאַלע אידעען דורך דאָס נאַציאָנאַלע לעבען פון דעם אייגענעם פאָלק. די אַלגעמיין־מענשליכע צרות, אַנקעגען וועלכע די סאָציאַליסטען טרעטען אַרויס אין קאַמפּף, שטעהן איצט אויף פאַר זייערע אויגען אין דער פאָרם פון אַ בעשטימטען פאָלקס־אומגליק, מיט זיינע בעשטימטע לײדען, וואָס שטאַמען ניט נאָר פון דער סאָציאַל־פּאָליטישער לאַגע פון דעם פאָלק, נאָר אויך פון זיין געדריקטער לאַגע צווישען די פעלקער, וועלכע רינגלען איהם אַרום. די געפיהלען פון דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ ווערען בערייכערט מיט אַ גאַנצער שורה פון נייע עמפּפינדונגען און שפּירונגען פון דעם נאַציאָנאַלען אומגליק. עס בעווייזען זיך ביי איהר געפיהלען פון רחמנות צו דעם אָהן יושר געקנעכטעטען בעגאַבטען פאָלק (און ווער רעכענט זיין פאָלק ניט פאַר בעגאַבט?),

וואָס איז געשמידט אין קייטען און קען ניט פאַנאַנדערוויקלען אַלע רייכקייטען, מיט וועלכע די נאַטור האָט איהם בעשענקט; עס ענטשטעהט אַ געפיהל פון האַס צו די אונטערדריקער, אַ גלוטיג פערלאַנגען פון קאַמפּף צוליעב דער נאַציאָנאַלער בעפרייאונג. נאָך איין שריט, — און דער פריהערדיגער אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס האָט אויסגעזעהן צוויי טראָפּען וואַסער ווי דער קאָסמאָפּאָליטיזם, הויבט אָן צו פערלירען זיין קאָסמאָפּאָליטישע שאַטירונג און קומט ביסלעכווייז צו זיין אייגענעם שכל, צו דעם שכל פון ברידערליכקייט און גלייכבערעכטיגונג פון פעלקער, וואָס העלפען איינער דעם אַנדערן אין זייער שווערער אַרבייט צו קעמפּפען פאַר דעם אמת. און דעם סאָציאַליזם ווערט אַוועקגעשטעלט די אויפגאַבע ער זאָל עפענען פאַר יעדעם פאָלק אַ פרייען וועג פאַר דער ענטוויקלונג פון אַלע קולטור־קרעפטען, וואָס ליגען אין איהם.

ווער עס האָט מיט קאָפּ בעטראַכט די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג ביי די איצטיגע קלענערע פעלקער, וואָס זיינען קולטורעל געבליבען צוריק, אָדער וואָס לעבען אין שקלאַפעריי ביי אַ העכערער קולטור, יענער וועט בלי ספק מודה זיין, אַז אַלץ, וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט, איז גענומען געוואָרען פון דעם לעבען. כמעט ביי אַלע אַזעלכע פעלקער האָט די סאָציאַ־ליסטישע אינטעליגענץ אָנגעהויבען מיט דעם קאָסמאָפּאָליטישען אלף־בית, אָדער זי האָט געפּרעדיגט אַסימילאַציע מיט אַ פרעמדער העכערער קולטור. כמעט אומעטום האָט זי גאָר ניט געוואָלט וויסען פון נאַציאָנאַלע אויפגאַבען און האָט געהאַט נאָר איין זאַך אין זין — צוציהען די מאַסען צו דער אַלגעמיין־מענשליכער סאָציאַ־ליסטישער בעוועגונג. און כמעט ביי אַלע אַזעלכע פעלקער איז די אינטעליגענץ, סוף כל סוף, געקומען דערצו, אַז זי האָט אָנגעשריבען אויף איהר פאָהן ניט נאָר די אַבסטראַקטע בעפרייאונג פון דעם מענשען, נאָר אויך די נאַציאָנאַלע ווידערבעלעבונג פון דעם אייגענעם פאָלק.

אָט דער נייער קעהר אין דער אַרבייט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ביי אַן אונטערדריקטען פאָלק איז אומעטום די וויכ־

טיגסטע פאַסירונג אין זיין געשיכטע. דער פריהערדיגער קאָסמאָ־פּאָליטיזם און דער בלינדער האַס אָהן אַ שום טעם צו אַלץ, וואָס האָט אין זיך אַ שמץ פון נאַציאָנאַלען לעבען, האָט ניט געלאָזען די גרויסע מאַסען צוצושטעהן צו דעם סאָציאַליזם. די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען מיט די גלחים בראש, האָבען אויסגענוצט די לאַגע און זיך אַליין אויסגערופען פאַר די איינציגע פריינד און בעשיצער פון דעם פאָלק און פון זיינע פאָלקס־אינטירעסען. ניט גאָר אָהן אַ גרונד האָבען זיי געקענט אָנווייזען אויף די סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען, ווי אויף אמת'ע פיינד פון דעם פאָלק, וואָס ווילען מאַכען אַ תל פון איהם און זיין נאַציאָנאַלען לעבען. דאָס געפיהל פון נאַציאָ־נאַלער זעלבסטערהאַלטונג האָט דיקטירט די מאַסען די נויטווענדיג־קייט אָנצולעגען זיך אויף די רעאַקציאָנערע עלעמענטען און פיהרען אַ בלוטיגען קאַמפּף אַנקעגען דעם אינווענינגסטען פיינד, וואָס האָט אויפגעהויבען זיין האַנד אויף דעם קיום גופא פון דעם פאָלק.

אבער זינט דעם מאָמענט, ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי הויבט אָן צו רעדען ניט נאָר אין דעם נאָמען פון דעם אינטער־נאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך אין דעם נאָמען פון איהר אונטערדריקטען פאָלק; זינט דעם מאָמענט, ווען זי שטעלט אַרויס פאַר איהר פאָלק נייע אויפגאַבען פון נאַציאָנאַלער פרייהייט און ווייזט אָן נייע, פּראָגרעסיווע, בעסערע וועגען און מיטלען, ווי צו דערגרייכען דעם ציעל, — בייט זיך אין גאַנצען איהר ראָליע אין דעם געשיכטליכען לעבען פון איהר פאָלק. ביי די רעאַקציאָ־נערע קרעפטען ווערט אַרויסגעריסען די פּאָזיציע פון אונטער זייערע פיס. די פאָלקסמאַסען, ניט מעהר פער'שכור'ט פון דעם שאָוויניסטישען גיפט, געפינען אין דעם פּראָגראַם פון דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי די בעפרידיגונג פון זייער נאַטירליכען און גערעכטען נאַציאָנאַלען געפיהל און הויבען אָן מיט מעהר קאָפּ און האַרץ צוצוהערען זיך צו די אַלגעמיין־מענשליכע אויפגאַבען, וואָס ליגען אין דעם סאָציאַליזם.

די בעסטע טאַקטיק פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז אָננעמען זיך פאַר די אמת'ע נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון דעם

פאָלק. די געשיכטע פון דעם פלאַמאַנדישען, טשעכישען און רוטענישען סאָציאַליזם האָט שוין בעוויזען, וואָס פאר א גוטע פרוכט די טאַקטיק האָט געבראַכט אפילו פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען שטאַנדפּונקט: אַלץ גרעסערע און גרעסערע מאַסען זענען צו־געשטאַנען צו דעם סאָציאַליסטישען חיל. הייסט עס, אז אויך אין די אינטערעסען פון יענעם קולטור־צווייג, וואָס מיר האָבען א נאָמען געגעבען — היסטאָרישע טעטיגקייט, ליגט, מען זאָל זיך אָננעמען פאר יענעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ, וועלכען מען קען ניט אָבשיידען פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם.

רעדענדיג וועגען דעם וויכטיגסטען צווייג פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, דער היסטאָרישער טעטיגקייט, וועמעס ציעל עס איז איבערצובייטען אין גאַנצען אָדער צום טייל אַלץ, וואָס איז ביז אַהער בעשאַפען געוואָרען אין דעם געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען לעבען, קומט אונז ארויף אויפ'ן זינען א געדאַנק, וואָס איז זעהר וויכטיג פאַר אונזער ענין.

בעטראַכט מען די סבות פון פּראָגרעס, שטילשטעהן און רעאַקציאָן ביי איינצעלנע פעלקער אין די פערשידענע צייטען פון זייער היסטאָרישען לעבען, — בעמערקט מען אין די צייטען פון זייער פּראָגרעס א גייסטיגע דערנעהנטערונג, אָדער א גייסטיג צונויפשטויסען זיך מיט אַנדערע פעלקער. אין דער געשיכטע געפינען מיר קיין איין איינציגעןביישפּיעל ניט, ווען די עפּאָכע פון א שטילשטאַנד, וואָס האָט געהערשט ביי איין פאָלק אָדער ביי א גרופּע פון פעלקער, ארומגענומען מיט דערזעלביגער קולטור־אַטמאָספערע, זאָל זיך ענדיגען אָהן די ווירקונג פון אנדערע פעלקער, וואָס געהערען צו אַנדערע קולטור־אַטמאָספערען. צוריק, קען מען ברענגען א סך ביישפּילען, וואָס בעווייזען, ווי אזוי פעלקער, וועלכע האָבען בעשאַפען זייער אייגענע קולטורעלע אַטמאָספערע און האָבען זיך ארומגעצאַמט אזוי, אז קיין דרויסענדיגע ווירקונג זאָל ניט קענען אריינדרינגען אין איהר, האָבען מיט דער צייט פערלאָרען זייערע בעשאַפונגס־כחות און זענען אריינגעפאַלען אין א צושטאַנד פון קולטורעלען שלאָף. דער געדאַנק האָט, ווי עס ווייזט אויס, אויס־

געשעפט זיין זעלבסטשטענדיגקייט, אַרבייטענדיג דור אוים, דור איין אין דעמזעלביגען שאַבלאָן, און דער שטענדיגער דרוק פון דעם שאַבלאָן האָט אין גאַנצען דערשטיקט די שוואַכע שפּראָצען פון דעם קריטישען געדאַנק, וואָס איז אַזוי נויטיג פאַר דער געשיכטליכער אַרבייט, אַפילו אין יענע פעלדער פון דער קולטור, וואָס בעהערשען די ענטוויקלונג און די אויסבעסערונג פון די מאַטעריעלע פּראָדוקציאָנס־כחות.

עס איז אַריינגעטרעטען אין לעבען דאָס, וואָס מיר בעמערקען ביי דעם ענדאָסמאָס און עקזאָסמאָס (אויספלוס און איינפלוס) פון צוויי וועסערלעך פון פערשידענע געדיכטקייט, אָבגעטיילט איינס פון דאָס אַנדערע דורך אַ דורכלאָזענדע ווענדטעל, ווען נאָך אַ קליינער צייט פון שותפות'דיגען אויסבייט און בעוועגונג קומען די וועסערלעך אין דעמזעלביגען מעמד, אין דעמזעלביגען גראַד פון געדיכטקייט, און די בעוועגונג הערט אויף.

עס קען זיין, אַז אויך דאָס צווישענפעלקערליכע לעבען איז אַ מין קולטורעלער ענדאָסמאָס און עקזאָסמאָס, און די ווייטערע פּראָגרעסיווע בעוועגונג פון דער קולטור וועט אין גאַנצען אפשר אויפהערען, ווי נאָר אַלע פעלקער וועלען זיך צונויפגיסען אין איין מענשהייט מיט איין קולטורעלער אַטמאָספערע, די אייגענע פאַר אַלעמען. אַ שטיקעל „מוסר“ קענען מיר זיך אַראָבנעמען פון די כינעזער. זיי האָבען זיך אָבגעצאַמט פון דער איבריגער וועלט מיט אַ „כינעזישען מויער“, און ניט קוקענדיג אויף דערויף, וואָס אין דער ערשטער צייט האָבען זיי אַרויסגעוויזען אַלע סימנים פון פּראָגרעסיווען דענקען, זענען זיי אַנשלאָפען געוואָרען, ווייל עס איז ניט געווען קיין אַנדער קולטורעלע אַטמאָספערע, וואָס זאָל ווירקען אויף זיי. אויב אַלע פעלקער וועלען זיך צונויפגיסען אין איין מענשהייט, וועלען זיי זיך געפינען אין דער לאַגע פון די כינעזער, ווייל עס וועט ניט זיין קיין אַנדער מענשליכע קולטור, וואָס זאָל ווירקען אויף דער אַלגעמיין־מענשליכער, און עס קען זיין, אַז אויך זייער פּראָגרעסיווער געדאַנק וועט דערשטיקט ווערען פון דעם שאַבלאָן פון דער איין איינציגער מענשליכער קולטור. עס קען זיין, אַז

דוקא דערפאַר, וואָס עס זענען דאָ אויף דער וועלט פערשידענע קולטורעלע אַטמאָספערען, וואָס ווירקען שטענדיג איינע אויף די אַנדערע, האָט קיינע ניט די מעגליכקייט פערגליווערט צו ווערען און איינצושלאָפען אויף דעם איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויסגעאַרבייטען שאַבלאָן. ביז איצטער געפינען מיר אין דער מענשהייט נאַציאָנאַלע קולטור־אַטמאָספערען, וואָס זענען ניט גלייך איינע צו דער אַנדערער ניט נאָר נאָך זייער פאָרם, ניט נאָר לויט די פּראָדוקטען פון די העכערע פרייע קולטור־פעלדער, נאָר אויך נאָך זייער אינהאַלט, נאָך זייערע ענטפערס אויף די וויכטיגסטע שאלות פון דעם פּשוט'ען לעבען. אזא פערשידענקייט מוז על פּי הכרך פיהרען צו פיינדליכע צוזאַמענשטויסען צווישען די קולטורעלע אַטמאָספערען. אָבער אָט די פיינדליכע צוזאַמענשטויסען זענען ניט קיין „מוז" פאַר זייער געזונטע און פרוכטבאַרע ווירקונג איינע אויף די אַנדערע. מען קען זיך גאַנץ גרינג פאָרשטעלען אַ לאַגע, ווען אַלע נאַציאָנען וועלען אין זייער קולטורעלען לעבען אָנהיטען דיזעלביגע אַלגעמיין־מענשליכע פּרינציפּען און וועלען זיך אָבשיידען איינע פון די אַנדערע נאָר דורך זייער לשון, דורך אָריגינעלע שאַטירונגען ביי דעם פערענטפער פון די וויכטיגסטע פראַגען, וואָס וואַקסען אויס אויף די „נויטיגע" קולטור־פעלדער, און נאָך די פּראָדוקטען פון זייער נאַציאָנאַלען בעשאַפען אין יענע העכערע פעלדער, וואו עס קענען ניט זיין קיין אַלגעמיין־מענשליכע ענטפערס, וואָס זאָלען זיין אַ חוב פאַר אַלע מענשען. אָט די פערשיעדענקייטען זענען גענוג, כדי ניט צולאָזען, אַז אַלע מענשליכע קולטורען זאָלען צונויפגיסען זיך אין איין אַטמאָספערע, וואָס געפינט גיך איהר גלייכגעוויכט און וואָס מוז אפשר דעריבער גופא פער'משפּט ווערען אויף אַ קולטורעלען שטילשטאַנד.

איבריגענס, ווי עס זאָל ניט זיין מיט דער מענשהייט אין דער ווייטער צוקונפט, איז פאַר דער איצטיגער צייט און פאַר יער נאָהנטער און נעהנטסטער צוקונפט די עקזיסטענץ פון איינציגע נאַציאָנאַליטעטען בעוואָרענט, און עס קען גאָר קיין ברעקעל ספק ניט זיין, אַז יעדע נאַציאָן האָט אַ רעכט צו קוקען אויף זיך, ווי אויף

אַ בעזונדערע קולטור־אַטמאָספערע, וואָס אַרבייט אויס אַזעלכע פּראָדוקטען פון דער קולטור, וועלכע קענען ניט וואַקסען אין קיין אַנדער אַטמאָספערע. אמת, זי טאָר זיך ניט אָבצאַמען פון דער אַרומיגער וועלט. זי מוז אַריינעמען פון דרויסען די ווירקונג פון אַנדערע אַטמאָספערען און פון איהר זייט צוריקווירקען אויף זיי, שטענדיג אויפהאַלטענדיג אויף אַזאַ אופן די אייביגע בעוועגונג פון דער קולטור, דאָס אייביגע אויסאַרבייטען אַלץ נייע און נייע אָריגינעלע פאָרמען פון דעם מענשליכען לעבען. און דוקא דערפאַר, וואָס יעדעס פאָלק איז אַ זעלבסטשטענדיגע אַטמאָספערע, וואָס ווירקט ווי הייוועז אין דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, האָט עס אַ רעכט אַרומצורינגלען זיין לעבען מיט אַזעלכע בעדינגונגען, סיי פּאָליטישע, סיי אינטערנאַציאָנאַלע, וואָס זאָלען קאַווירען איהם אַ פולע און פרייע ענטוויקלונג פון אַלע זיינע נאַציאָנאַלע בעשאַפונגס־פאָרמען, און וואָס זאָלען איהם געבען די מעגליכקייט אָנצופילען די פאָרמען מיט אַן אַלגעמיין־מענשליכען אינהאַלט.

אויסצוגעפינען און אויסצואַרבייטען אָט די פּאָליטישע און אינטערנאַציאָנאַלע בעדינגונגען איז געוויס ניט קיין גרינגע זאַך, דערהויפּט בנוגע צו אַזעלכע פעלקער, וואָס וואָהנען ניט אויף איין איינציגער טעריטאָריע, וועלכע זאָל געהערען נאָר זיי אַליין. נאָר אָט די אויפגאַבע קען אויסגעפיהרט ווערען. די טעאָריע און די פּראַקטיק פון דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג אין מערב־אייראָפּאַ האָבען אויסגעאַרבייט די וויכטיגסטע פּרינציפּען, ווי אַזוי צו פער־ענטפערן דאָס שווערע און פערוויקעלטע נאַציאָנאַלע פּראָבלעם. דערקלערען די פּרינציפּען, פאַנאַנדערקלייבען זיי און אָבשאַצען זיי, — דאָס געהט אַרויס פון די גרעניצען פון אונזער היינטיגער אַרבייט און פערדינט אַ בעזונדער ווערק. איצטער, צום סוף פון אונזער אונטערזוכונג, וועלען מיר בעמערקען נאָר איינס.

כדי די פאָלקס־מאַסען, אָהן וועמען עס קען ניט געשעהן קיין איין גרויסע זאַך אין דעם היסטאָרישען לעבען, זאָלען זיך קענען אָנצינדען מיט דעם פערלאַנג צו ענטוויקלען זייער נאַציאָנאַלע קולטור און אָנצואווענדען אַלע זייערע כחות אויף צופערענטפערן

זייער נאַציאָנאַלע פראגע, — מוז מען זעהן, אז זייער עקאָנאָמישע לאגע זאָל זיך אויפהויבען, לכל הפחות, אויף אזא מדרגה, וואָס זאָל זיי געבען לפי ערך גענוג צייט, פריי פון דאגות חיונה, זיי זאָלען קענען הנאה האָבען פון יענע העכערע פּראָדוקטען פון דעם נאַציאָנאַלען בעשאפען, וועמעס זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג זיי זענען בערופען אָבצוהיטען. פערבעסערן די עקאָנאָמישע לאגע פון די מאַסען קען אָבער קיינער ניט, א חוץ די סאָציאַליסטישע בעוועגונג פון די מאסען גופא. הייסט עס, אז אויב דער סאָציאַליזם געהט לחלוטין ניט להיפך צו יענעם נאַציאָנאַליזם, וואָס געהט אריין ווי א גערכטער עלעמענט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּרינציפּ, קען פון דער אנדער זייט דער נאַציאָנאַלער עלעמענט נאָר יעמאָלט אין גאַנצען און פריי הערשען אין לעבען, ווען ער וועט זיך שטענדיג און מיט קלאָרען זינען אָננעמען אָן דעם סאָציאַליזם און זעהן שטענדיג געהן מיט איהם האנד אין האנד.

# קאטאלאג
פון דער
## אינטערנאַציאָנאַלער ביבליאָטהעק

**פיליפ קראַנץ**, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, 1000 זייטען, 100 בילדער, שעהן געבונדען פרייז יעדער באַנד.......... 75 ס.

" " דיא געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישע רעוואָ-לוציאָן, 3 טיילען אין איין באַנד, שעהן געבונדען.... 75 "

" " אַמעריקא פאַר קאָלומבוס, אַ קולטורגעשיכטליכע נאָכ-פאָרשונג, 169 זייטען מיט 44 צייכנונגען, געבונדען.... 50 "

" " יציאת מצרים, מיט איין קאַרטע פון מצרים......... 15 "

" " וואס הייסט נאציאן—זיינען אידען אַ נאַציאָן?...... 10 "

" " אריסטאטעל, זיין ביאגראפיע.................. 10 "

" " ברוך שפינאזא, זיין לעבען און זיין פילאָזאָפיע...... 15 "

" " שבתי צבי, זיין ביאָגראַפיע..................... 15 "

" " יאזעפוס פלאוויוס, זיין ביאָגראַפיע............... 15 "

" " בר כוכבא, זיין ביאָגראַפיע..................... 15 "

" " לעסינג און מענדעלסאהן, זייער לעבען, שריפטען און טהעטעגקייט. 185 זייטען.................. 25 "

" " דיא פאמיליע ראטהשילד, זייער לעבען און פינאַנציעלע טהעטיגקייט, 61 זייטען...................... 15 "

" " דון יצחק אברבנאל און זיינע זיהן, 67 זייטען....... 15 "

" " מאָהאמעד, דער גרינדער פון מאָהאמעדאניזמוס, 65 זייטען.................................. 15 "

" " מעיערבעער, זיין ביאָגראַפיע.................. 15 "

**מאָררים ראָזענפעלד**, געזאמעלטע ליעדער פון מאָררים ראָזענפעלד 337 זייטען, אילוסטרירט, שעהן געבונדען.. $1.00

" " הייגריך היינע, זיין ביאָגראַפיע, 85 זייטען... 15 ס.

" " יהודה הלוי, דער גרויסער העברעאישער דיכטער, 64 זייטען...................... 15 "